געבונדן מיט אלע פארנעפּלטע וועגן,
קום איך צו דיר נייע צייט:
ניט קיין שקלאַף,
ניט קיין האַר,
נאָר אַ שפּליטער פון דער גרויסער ליידנדער וועלט.

ס׳איז ניט קיין נייס דיין אָפּגאַנג אין בלוט;
ס׳איז ניט קיין נייס דיין אויפגאַנג אין בלוט;
יעדער צייט האָט איר אָנהויב,
יעדער רעגע — איר אייביקייט.

נאָר גרויס איז די וועלט, וואָס די וועגן באַשאַפן,
און גרויס יעדער מענטש, וואָס די וועגן גייט דורך,
גיין אזוי לאַנג, ביז צו אַ ליכטיקן אויפגאַנג,
קומען געלייטערט צום שוועל פון דיין טיר.

עס שרעקן מיך ניט די וועגן די נייע,
דער שטאָך פון אַ מעסער, דער פייער פון ביקס:
רויט איז די זון וואָס פאַרזינקט אין נאַכט,
רויט איז די זון פאַר אַ נייעם טאָג.

אירמעלען

# וואַנדערוועגן

אזוי, מיין קינד, מיר וואַנדערן ארום,
באַ יעדן צוגעמאַכטן טויער פון א וועלט —
מיר בלייבן שטיין.

מיט שוואַכע, שוואַכע פינגער מיר קלאַפּן אָן.
און אזוי פריי און גרוים גייט אום
די פרי־טאַגיקע זון,
ווי א ווייסע וואָלקנדיקע האַנט,
וואָלט שטילערהייט
א גליענדיקן שטעמפל דורך דער וועלט געפירט.

און גאָר ניט ווייט, פון מיר און דיר,
באַם טויער פון א וועלטן־טייל,
ליגט אויסגעשפרייט א זינגענדיקער טייך,
וואָס גייט פון וועלט צו וועלט —
א גליד פון אייביקייט.

און די ווייט און ברייט ציען אונז,
ווי יוגענטליך פארלאַנג,
ווי דער ווילדער קויאָד פון אייגן פרייד און צאַר.
מיר זיינען וואנדערער! פון שוועל צו שוועל,
פון זון צו זון, פון צייט צו צייט. —
ביז גאָרער גרוים פון וועלט,
ביז גאָרער נישטיקייט.

## דיינע אויגן

ליובעלען

ווען דיינע אויגן הויבן אן פאר מיר זיך באווייזן,
ליגט די וועלט שוין אבגעקילט פון די זוניקע גלוטן;
און אפט איז די זון, ווי א גרויסע בליענדיקע רויז,
ווי א רויטלאכער פלעק, אויף א בלאסן, א אומעטיקן פאנים.
אומעטיק ווי דיינע אויגן,
ליגט די זון אויפן שויב פון מיין פענסטער.

און דאס ליכט ציט זיך פארביי.
וואס מער עס טונקלט מיין איך,
אלץ נענטער ווערסטו מיר.
אזוי נאנט, ווי די היימיש צוגריבערטע וועגן,
אזוי נאנט, ווי דער מאכיק באוואקסענער דאך,
אזוי נאנט, ווי די אייגענע קינדערשע יארן.

נאנט, ווי דו אליין קומסט אין מיר —
אין רעגעס, ווי פונקען פון האמער אין שמיד,
ווי טויבן, א גור און א פלי...
ווי דאס פאכן פון פליגלען,
גייט אפ דער טאג,
נאר דיינע אויגן, זיי שטייען פאר מיר.

# ניט אויף לאַנג

איך ווייס:
ס'איז ניט אויף לאַנג,
ס'קען לאנג ניט אַנהאַלטן קיין גרויקייטן
אין יוגנט.
ווי דער טאָג וואָס לאָזט צו ערד אַראָפּ
די גאָלדענע ברעמען,
און בלייבט פארהוילן נאָר אַ נאַכט,
אין גרוילאכע כאַלוימעס.

עס וועט מיין קאָפּ זיך הויבן צוריק
צו ווייטקייט,
און אַנטרינקען די אויגן פול מיט ליכט.
נאָר איצט איז גוט אזוי צו כאָלעמען פון
שמאָלע שטעגלאך,
פון קליינעם שטיבעלע
מיט שוין פארלאָשן ליכט.

זיי געזונט,
טייער נעסט, פון פויגעלאך פארלאָזטער !
פון בלאָנדזשענדיקע וויסטע טעג —
שיקט יעדערער דיר גרוסן.
אוועק איז אויך דאָס אַלטע פּאָר,
אויף זוכעניש אין ווייטע לענדער.
און איך, איך וואַנדער מיט מיין קינד,
ארום דעם ווייטן נעסט —
צוויי היימלאָזע אין טיפן בייבנקען.

# איך רו נאָר אָפּ

איך רו נאָר אָפּ,
אין שוים ביי מיר שלאָפּט איין מיין זון;
און בלויער הימל ליגט, ווי פאַרהאַנגלאַך פון זייד,
אויף מיינע פענסטער.
ווען פעלט אצינד דאָס ליכט פון טאָג ?
ווער נאָר מעסט אצינד די טיף פון נאַכט ?
אייביק איז אזוי געווען.

אייביק ווערט די וועלט זיך ווייטער ציען,
ווי די פור,
וואָס פאָרט פארביי די פענסטער.
ווי דער רוף פון שפּילנדיקן קינד.
גליען און שפּריצן אום אין קאָפּ געדאַנקען.
ניט פאר ווענעמס ווי,
ניט פאר אייגן גליק.

ס'איז גוט אמאָל אליין זיך צו דערקענען,
דערפילן און דערזען זיך
באַם צאַנקענדיקן טאָג;
און אויפהויבן די אויגן
פארן פאַרהאַנג זיידענעם,
וואָס שפּאַנט די וועלט אריבער.
און זינגען אזא שטיל געבעט
פאר מיין שלאָפנדיקן קינד.

## אָפּשייד.

דערמאָנונג האַרי ראַבינזאָן

ביידע זיינען מיר אזוי געשטאַנען,
די זון איז פארגאַנגען איבער אונזערע קעפּ —
אַ גאָלדערנער שירעם.
אזוי געלויכט האָט אונזער יוגנט,
אזוי געליכטיקט האָט די ליבע.
מיר האָבן זיך ביידע די הענט ניט געגעבן,
ווייל צעטיילט האָט אונז א הויכער —
דראַטיקער צאַם.

און אזוי ווי דאָס זון פארגאַנג,
איז פון אַלץ נאָר געבליבן
דער פאראייניזאמטער אָרט,
וואו די זון גייט טאָג איין טאָג אויס אונטער.

אָפט שטיי איך, סטאָם נאָר אזוי,
און פיל ווי עס גליטשט זיך די זון.
עס מורמלען פון זיך עפּעס וואָס מיינע ליפּן;
זיי געבענטשט, אָרט, וואו די ליבע איז אויפגעגאַנגען
און וואו עס האָט זיך די פרייד פון איר אויפגיין
פארלאָשן.

# אָוונט

ווי א ווינעלע וויגט זיך דער שלומערדיקער טאָג,
ווי א גליענדיק קויל, לאָזט די זון זיך אראָפּ:
אָוונט און טאָג שפּילן אום זיך אויף גרין פון בארג,
ביז עס שפּרייט זיך דער אָוונט דאָרט אויס.
און עפּעס הויבט אָן זיך דערמאָנען אין מיר,
וואו קען מען נאָך מערער דערפילן א בייִנקען, ווי דאָ ?
ווי אין א לויכטנדיקן טייך, ציטערט די שטאָדט אין דער טיף,
מיט אַלערליי פארבן, וואָס שלאָגן דורך בוימער זיך דורך.

וואו קען מען נאָך מערער דערפילן א בייִנקען, ווי דאָ ?
ווי אָן אָרעמער מאַמעס א האַנט, שטרעקט זיך אויסעט
דער היימישער וועג.
דער שניי פון דער מאַרט-זון ליגט לעבערדיק, שוואַרץ,
מיט גריבער און בערגלאַך ווי וועלן אין האַרבסט אויף א יאַם.
און עס וויגט זיך אָן אָרעמער וועגל, אויף וועגן פון צוכוואַליעטער
ווייט.

אָה ! היימישער וועג;
ווי א קנאָספּ צובלעטערט דער טאָג זיך
און בלאַס-ראָזע שטרייפן וויקלען די פעלדער,
נעמען די היימישע דעכער ארום,
א גערוס פון מיינע אייגענע הענט.

שוועסטערל, וויין ניט אַזוי,
ס'איז פול מיין נעשאָמע מיט אַלץ וואָס איך זע ארום זיך:
נאָך זע איך איצט דעם דאַך פון דיין שטוב,
עס גליט דאָרט א ליכטיקער פלעק פון דער זון,
די קינדערלאַך זע איך באַם פענסטער פאַרוויינט.
די באַן טוט א פייף, זייט אַלע געזונט,
בלייבט אַלע געזונט.

# איצט

איצט, ווען די ערד ליגט ווי א גרינער בוד,
מיט גאלדענע פעדים געבונדן:
איצט —
וואס קען איך אנדערש טאן,
ווי נעמען מיין קינד פאר א הענטל,
און מיט אים ארויסוואַנדערן פון די איינגע —
פארשטיקטע גאסן,
צו זוכן גאט'ס אטעם אין פעלד.

איך האב מיר פון אלץ, וואס איז פריילאך, געזעגנט;
מיין טאנצנדיק טראט איז געבליבן פארגליווערט
אויף ערד.
איך האב מיין געלעכטער אויף שפיצן פון בוימער
צושאטן,
און האב עס געלאזן דארט בליען, אויף
בעסערע טעג.

איך בין א זוניקער פלעק,
אויף א גרויסער פארנאכטיקער ערד;
עס האָט ווי אַ נעפל ארום זון,
זיך פארצויגן א בענקשאפט אין מיר.
איך וויל עס ניט רירן,
איך וויל ניט צורייסן די גרוילאכע סטרונע,
זאל ביינקען, זאל וויינען אזוי —
מיין נעשאָמע אין מיר.

# פארנאכט

שטיל, ווי א שוואן, וואס דעקט צו פארן טויט —
מיט א פליגל, זיין קאפּ,
גייט אוים איצט דער טאג אויפן גרינעם שוים —
פון דער ערד.

און ווייט אויף א בארג, שטייט די לעצטע,
פאראומערטע שאָ,
און נידערט דעם גאלדענעם פאקל פון וועלט,
ביז עס פארלעשט,
ביז עס פארגייט.

עס טוליעט מיין קאפּ זיך,
צום טונקל פון נאכט.
א שטערן גייט אויף,
א ווינט טראגט זיך אן,
און גלעט ווי מיט פיבערדיקע הענט, מיין געבויגענעם
קאָפּ.
דריקט אים אלץ טיפער אראפּ,
ווי א פולן פאראייגזאמטן זאנג . . —

און שטיל — . .
אזוי גוט ווערט אין זיך,
די סוידעס פון וועלט ווערן וואך,
עס פליט די נעשאָמע א ווײַלע צו איר אייגענעם טרוים,
און דארט, אין איר ליידיקן רוים,
פארוועבט אַ קרישטאַלענע שפּין,
מיט פעדים פון ליכט.

# באגינען

דער טויער פון ליכט איז געעפנט,
ווי א קרוג, וואס פולט זיך מיט פרישן ברונעם־וואסער;
ווי דער צייטיקער אפעלסין מיט זיין גאלדענעם זאפט,
אזוי קוואלט דאס ליכט אין דער וועלט.
און מיט דעם קוואל פון דער רויטער זון —
גייט א כוואליע פון פרייד —
דאס גליק צו לעבן.
און עס שפיגלט אין איר זיך מיין זיין,
ווי א קליינער פאנטאן וואס שפריצט צום הימל,
ווי פונקען וואס רייסן ארויס זיך פון פלאמען.
און עס קנוילט זיך מיין פרייד און מיין צאר,
איך בין פאר דער וועלט נאר א קליינער בריוול,
א בריוול פון אומרו און קאמף.
און טעג באהאלטן זיך אין מיר,
ווי ליכטיקע טריט אויף א טונקעלן גאנג.
ווי א גאלדערנער קייט, אויף אייביקייט'ס האלדז.
אזוי זיינען די טעג.
און מיר — ?
מינוטן פון ליכט.
פאר איר זיין.

## מיינע טריט זיינען קליין

מיינע טריט זיינען קליין פאר דער גרויס פון דער ערד,
ווי קליין עס איז א טאָג פאר דער אייביקייטס־קייט,
נאָר אין יעדער טראָט איז באַהאַלטן מיין טאָג,
מיט וועלטן פון פרייד,
מיט וועלטן פון פיין.

איז פאַראַן אַזאַ אומרו אין גאָלדענעם פאַרנאַכט,
איז פאַראַן אַזאַ ווייכקייט אין האַרטן געמיט.
מיט ליכטיקן אומעט אין זיך,
מיט טונקלען ליכט איבער זיך.
עס ווילט זיך צוגיין איבער ערד, ווי א זילבערנער טוי.

# אין גרויע טעג

איך פלעכט אריין אין די גרויע טעג
א גאָלדענעם געוועב פון מיין אומעטיקייט.
א שאד די טעג וואָס גייען אוועק,
און מיין אומעטיקייט איז אזוי באַשיידן.

אין דער טיף און הויך איז דאָ אזא אומרו, ווי אין מיר,
ווי אין די שאָען ווען די גאס ליגט הויל —
מיט א דינעם זיפּנדיקן רעגן,
און קינדער קוקן פארטראכטע דורך א פענסטער,
און ציילן די וואָלקנס.

עס איז פאראן אזויפיל שיינקייט אין אומעט,
און אומעט איז פאראן אין דאָס שיינע,
און אין די גאָלדענע טעג
פלעכט איך
דעם גרויען פאָדים פון מיין צאַר.

# פרימאָרגנס

איך האָב אייך ליב אזוי,
איר זומערדיקע,
פריילאַכע פרימאָרגנס.
וואָס וואכן אויף אין וועלט,
ווי יונגע שטיפערישע מיידלאך.
און ווי א שוואלב ביים פענסטער,
שטיי איך,
פול מיט ליכטיקע פריידן,
און קוק,
ווי הימלען פולן זיך
מיט ליכטיקייט,
ווי בעכער וויין
אין דורכזיכטיקע גלעזער.
עס טאָגן מיט אייך אויף
פארשלאָפענע פארלאנגען
פון מיין יוגנט
און ביינקענדיקע ווערטער,
פלעכט איך זיי איין
אין יעדן בויג
פון שוועבנדיקן ווינטל.
איך בין נאך היינט
א גאנצער קנויל
פון זון און ווינט,
פון בלום און טרוים.
מיט פרייד
פון אויפגעבליטער יוגנט.
און איך טוליע צו
מיינע הייסע באקן
צו נאר וואָס אויפגעבליטע שויבן
פון פרימאָרגן.

# באַגינען

איידע מאַזען

דעם טונקעלן שלייער פון נאַכט
האָט עפּעס אַ ווער פון דער וועלט אַפּגעצויגן,
און שטיל פון דער הויך
האָבן בלוילאַכע טראָפּנס געשפּריצט
און געקלאָרט די פאַרנעפּלטע וועלט.

אַזוי האָב איך וועלט דיך קיין מאָל נאָך, ווי איצט,
נים געזען,
מיין אויג האָט פאַרנומען
די גרויס פון דער ערד,
אַ וואונדערליך פּאַלאַץ,
וואָס קלאָרט זיך אין בלוי־שטילן וואַסער.
און פאַרבט זיך,
און מאָלט זיך
פון ניט קיין געזעענע הענט.

איך שטיי ווי אַ קינד,
וואָס האָט זיך צום ערשטן מאָל געפונען,
דער קאָפּ אויפגעהויבן,
די אויגן פון וואונדער פאַרמאַכט.
גיב מיר דיין בראָכע, וועלט !
דו, וועלט, וואָס פאַרמאָגסט אַזאַ שיינקייט,
און לייג דיינע גאָלדענע הענט
אויף מיין אומעטיק קינדערשן קאָפּ.

אויף מיינע צוואָרפענע לאָקן,
פאַרטרונקען מיט נאַכט און מיט מאָרגן.
עס זיינען די אויגן בא מיר
מיט דעם אייביקן באַגינען פאַרבלויט.
איך בין נאָך גאָר ניט לאַנג געוועזן
אַ שפּרינגענדיק שעפּס אויף די פעלדער.

איך פיל מיך גרויס ווי איצט דו,
און וואקס אויס מיט דיין ליכט צו א טאָג.
די איינציקע בין איך, וואָס שטיי באַם
שוועל פון געבורט.
אזא וועל איך אָנהויבן גיין
אויף וועגן פון קיינעם באטראָטן,
און אייביק פילן אין הארצן
די בענטשונג פון גאָלדענע הענט.

## פרילינג

דורך דער טיפעניש פון דער ערד
גייט אויף דעם פרילינג׳ס געזאנג צום הימל;
און אין מיר צושמעלצט זיך דער גליווער פון צאַר,
ווי עס שמעלצט דאס אייז פון דער ערד.
דער טאג ליגט אויף שטענדיק פארלאשן,
נאר אין טיפסטן געמיט רויכערט גאלדענער איש
פון זיין ליכט.
איבער וועגן פון בלאנדזשעניש,
איבער וועגן וואס פירן דורך נאכט צו אַ נייעם טאג.
און אלץ וואס ליידט, ווארט אויף א צייט פון דערלייזונג,
ווי שוואלבן, וואס בייגקן אין ווייטקייט נאָך היימישע ליכט.
ווי אַ פראָש, וואָס דערפילט אין זיין טייכל
פון פרילינג די טריט.
אפט אזוי קוק איך אין פענסטער אויפן ציילעם
פון בארג,
וואס שטייט ווי אן אייביקער צייכן פון האַס.
ווי א פייערדיק שווערד פאר א קאמף.
און דורך פינסטערניש פון נעכט,
דורך נעפלען וואס קלעפן אויף שויבן זיך צו,
פארנעם איך דעם פרילינג׳ס געזאנג
דורך מיין אייגענעם לייב.

# האַרבסט

אויף די גאַסן וואַלגערט זיך דער אומעט,
ווי עס וואַלגערט זיך דאָס גרויע ליכט
פון האַרבסטיקן באַגינען.

אין טונקעלן שלייער הילט זיך די פרייד
און פאַרווייט.
ווי געלע בלעטער אויף דער הוילער ערד,
ווי די האָפענונג פון מיין געמיט.

מיין האַנט פאַרשטעלט אַ ווײַלע מײַנע אויגן,
די נאַסקייט פיל איך דורך די שיך.
און עפּעס קעלטערט מיך.

איך האָב מיין קינד אַ שלאָפיקן געלאָזן,
די גרויקייט איז דורכן פענסטער
ווי אַ פוילער שעפּס געקראָכן.

איך בין געבליבן שטיין ביים טיר,
די אויגן האָבן זיך געפּולט.
אין האַרצן האָט זיך פאַרענדיקט אַ געבעט.
זיי געזונט מיין קינד, און איך בין אַוועק,
פּאַמעלאַך ווי די פרייד פאַרשוועבט.

מיט אומרו,
ווי די געלע בלעטער,
וואָס צאַפּלען זיך
פאַר מײַנע מידע טריט.

# ווידערקאָל פון מילכאָמע

איך הויב זיך ארוים מיט די טעג
פון די נאַכטליכע טיפן,
און ליכטיק אויף מיט לעבנס
פון אלערליי באשעפענישן.

עס צעוואַקסט זיך די פרייד
און מיין ליכטיקייט,
די ליכטיקייט טומלט מיט האַפן,
ווי בינען ארום גאלדענעם האניק.

איך פארזינק מיט די טעג צוריק
אין די נאַכטליכע טיפן,
מיט אלערליי פארלאשענע באשעפענישן —
און דורך נעכט און טעג
גיי איך אויף און אונטער,
יארן, יארן — אין אייביקן זיין.

# צו דער ברוסט פון צייט

צו דער ברוסט פון צייט
ליגט דער עלנטער פנים פון וועלט —
און איך גיי אויף איבער איר,
ווי א בלוטיקער פלעק פון דער ערד.

פאראן אזויפיל בענקשאפט,
פרייד און לייד,
ווי אין פאלנדיקע בלעטער —
אין נעגל פון פארגיין.

און טעג וואָס קומען אָן,
ווי טויבן מידע פון א ווייטן פליען,
בין איך ווי אַ טויב, און כאָלעם
נאָר פון ליכט.

אלע צייטן שמעלצן זיך צוזאמען,
און ווערן איינס.
און אין דער איינער, דער ריזיקער צייט,
בין איך ווי אַ טורעם, און באלייכט אין מיר
מיין אייגענע, איינזאמע ווייט.

# סאלדאטן צום פראנט

פון דעם קנויל מיט פּלאנטערדיקע יארן
וויקלען אויף זיך וועגן, ברייטע, רוסישע;
וויקלען אויף זיך טריט — אין טראַט נאָך טראַט,
וויקלען אויף זיך אויגן טרויעריקע.

שטיוול הויבן אַלע זיך צוגלייך ארויף.
שטיוול לאזן אלע זיך צוגלייך אראפּ.
און נאכט קושט אן דער גרויער וועלט מיט נעץ,
און נאכט פארשיט די שטיינענע שטאדט מיט שווארץ.

און פּענימער דורך נאכט אומעטיקע שוויינן,
פּענימער דורך נאכט פארגליווערט שוועבן דורך.
גאסן־ליכט מיט דינע דורכזיכטיקע שטראלן,
וויגן און וויקלען זיך אויף קעפּ, ווי דינע שטריק.

הענט פון אלערליי געשטאלטן גלעטן,
הענט וואס אַרעמען די שוועבנדיקע קעפּ.
אויגן וועלכע גליען שטומען צאַר אין טונקל,
מיילער וועלכע שוויינן, קרימען זיך אין וויי.

און שטיוול הויבן אלע זיך צוגלייך ארויף,
שטיוול לאזן אלע זיך צוגלייך אראָפּ,
טראט אין טראט ,צום רוף פאר בלוטיקייט,
טראט אין טראט, צו גרויער נישטיקייט.

# דער אָרקעסטער

קלאַנגען, מאָדנע קלאַנגען טראָגן זיך פאַרויס,
אַ בלוטיק קריג פון קלאַנגען שפּאַלט די שוואַרצקייט דורך,
הימל, ערד, ווייט און ברייט ווערט איינס,
פאַרשאָטענע מיט קלאַנגען — פונקען פון אַ פלאַם.

קלאַנגען — מאַמעס קלאָגן אויס געבורטן ווייען,
אימיצער וויינט שטיל ביים קראַנקן פריינד,
עפּעס קלאָגט ווער פאַר די גרויסע געטער,
עפּעס זיפצט ווער, קרעכצט ווער אין דער שטיל.

קלאַנגען — וויינענדיקע קינדערלאַך אין עלנט,
פאַריאָסעמטע, וואָס גייען אויס אין נויט,
קינדער וואָס פאַרפרירן אויף די גאַסן,
קינדער שפּייז פאַר ווערימלאַך אין דר'ערד.

קלאַנגען — ווייגעשרייען פון מיליאָנען מענטשן,
קלאַנגען — אומעטיקע, ברענענדיקע שטעט,
קלאַנגען — גויסעסדיקע, אויסגעגאַנגענע לעבנס,
קלאַנגען — לעצטע טרערן פון אַ פאַרלאָרענער וועלט.

און אַלץ איז נאַכט פאַרשמעלצט, ווי גליענדיקער אייזן,
אַלץ צוזאַמען קילט, ווי בליי אין ווינטער־נעכט,
און פּוסטע פּויקן קלאַפּן אין געווירבל,
מאַנאַטאַן און הילכיק בלוט! בלוט! בלוט!

און שטיוול הויבן אַלע זיך צוגלייך אַרויף,
שטיוול לאָזן אַלע זיך צוגלייך אַראָפּ;
און נאַכט קושט אַז דער גרויער וועלט מיט נעץ,
נאַכט פאַרשיט די שטיינערדיקע שטאָט מיט שוואַרץ.

# סאָלדאַטן געפֿאַנגענע

פֿיס אומגלייכע, וואַקלענדיקע,
געוויקלטע אין שמאַטעס און אין שטריק;
פֿיס עלנטע, מיט שיך צוריסענע,
פֿיס וואָס גייען, גייען אָן אַ ציל.

און לייבער, פּענימער פֿאַרדאַרטע, אומעטיקע אויגן,
פֿאַרשעמטע און באַליידיקטע אין גרויע שינעלן געוויקלט;
צוריסענע פּאָלעס, בײַ וועמען עס פֿעלן די אַרבל;
און פֿינגער פֿאַרפֿרוירענע — רוקן זיך נענטער
צו בלייכע פֿאַרטריקנטע ליפּן.

פֿיס אומגלייכע, בלייבן אין שנייאיקן וואַסער פֿאַרגליווערט —
פּענימער בלייכע, פֿאַרשמייכלט מיט גלייכגילטיקייט;
מעגן שוין מאַמעס וואו וויינען אויף אומגליק פֿון קינדער,
מעגן שוין לענדער זיי ציילן צו אומנוצליכקייט.

עס וועלן קיינמאָל ניט פֿאַרבלייבן
די פֿײַערדיק־בלוטיקע פֿלעקן:
מיט יונג צוהאַרגעטע לעבנס וועט קלאַפּן קעסיידער דאָס האַרץ.
מעגן שוין קינדער ביים אויסגיין אַווו, ריידן און בענקען —
צום טאַטן,
עס וועלן די פּענימער אייביק שוין שמייכלען
מיט גלייכגילטיקייט.

פֿיס, צוועלף אין אַ ריי, פֿיס, זעקס אין אַ ריי,
פֿיס, וואָס קענען די ווײַכע צורעגנטע שנייען.
פֿיס, געוויקלט אין שמאַטעס און שטריק,
פֿיס, באָרוועס, געשוואָלן און בלוי,
פֿיס, וואָס באַוויינען די גרויזאַמע נאַרישע וועלט.

# אַ מידער מאָרגן

מיד הויבט אויף דער מאָרגן זײַנע ברעמען,
מיד טאָגט אויס דאָס ליכט,
ניט קיין געלייטערטער בלייבט דער טאָג.

בלייבט פאַרגליווערט אין זיך די פרייד,
ווי דער איינזאַמער שנייאיקער סטעפּ.
מײַן בליק העפט זיך אָן אָן פאַרשטיינערטע ווענט,
אימיצער קלאַפּט אין אַ צונעמאַכטער טיר
מיט אַזאַ עלנטן קוק.

אימיצער שפּילט אויף אַ קאַטערינקע אין הויף
אַזאַ בלוטיקן לידל פון קריג.

ערגעץ וואו שליסט מען אויף דעם טויער פון צאַר,
פון נאָך ניט פאַרשטילטן געוויין.
ערגעץ־וואו טיילט מען ווידער מאַטאַנעס דער וועלט,
דעם נאָך ניט באַשערטן טויט.

און אין מיר ראַנגלט זיך אַ שמייכל פון נויט —
די נויט וועלכע שוועבט דורך דער וועלט.
ערגעץ־וואו אין אַ קעמערל וויינט דאָרט מײַן קינד,
אין פיר שמאָלינקע, איינזאַמע ווענט.

# געפאַנגען.

איך מיט דיר, מינוט, געאַרעמט,
פרעג ניט: וואו איך וועל דיך פירן;
מיינע וועגן זיינען מיינע,
טויזנטער האָבן דאָרט געטראָטן
און פרעמד איז זיי דער וועג געבליבן.

I

ציט זיך אויס א וועג ביי זייטן פעלדער,
פאָרנט — בוימעלאַך, ווייסע פיסלאַך.
שאָקלט זיי דער ווינט, צושפּרייט זיך דינע נאַסקייט,
פאלט די נאַסקייט אַן אויף בלאָטיקדיקן וועג.

וואַנדערער, געבויגענע פון קעלט,
וואנדערער, מיט פּעקלאך אין די הענט,
וועלכע עס פירן פאר די הענט די אַלטע,
און וועלכע עס פירן קינדער פאר די הענט.

איבער אַלעמען שווארצע נאַכט פארשאָטן,
אריבער אַלעמען ברומט דער האַרבסטיק ווינט
און רייסט די טיכלאַך פון די קעפּ ארונטער,
און הויבט די קליידער ווי מיט שפּאָט ארויף.

גייען אַנדערע, קרעכצנדיק פון הונגער,
פאלן אַנדערע, מידע אויפן וועג;
פאָרויס פון ווייטן שרייען בייזע קוילעס,
און הינטער זיי פאלנדיקע שטיינער.

## II

שטעלט מען אוים זיי ביי ווענט פון די באראקעס,
גייט א רעגן, וויינען קליינע קינדער,
קנעטן פים די נעץ פון רויע וועלדער;
לינט א הימל, טאפלט איינגעפינסטערט.
ציילן הענט מיט גראבע שווערע פינגער,
לייכטן אפ פון ארבל בלאנקע קנעפ,
שרעקן זיך די קינדער פאר געשרייען,
וויינען קינדער, הונגעריקע, מידע.
ציען אוים זיך שאען, שטומע־ווייען,
כאלעשט אפ אן אלטע, פאלט צו דער ערד,
און גראבע פינגער ציילן, קנייפן, שרייען,
גייט איינער אפ, קומט א צווייטער ציילן.
הייסט מען גיין אין טראט צו די באראקעס,
ווערן מענער פון פרויען אבגעטיילט,
שרייען אינגלאך, רייסן זיך צו מאמעס,
און די מיידלאך וויינען צו די פאטערס.

## III

שטייען אויוועלאך — שווארצע געצן,
רויכערן אין זיי די נאסע שפענער;
אנגעטראטן בלאטע אויף די דילן,
אנגעווארפן, קאסטנס, פעק און זעקלאך.
שטרוי זעק ליגן איינגערוימט אויף דילן,
מיט שווארצע קאלדרעס, געלעגערס, פרישע־קווארים;
וויינען גרויסע אויפן שווערן אומגליק,
וועבט א ליכט זיי איין אין גרויע שאטנס.
ווער עס זיצט פארגליווערט און פארטראכט,
ווער עס טראכט און וויים ניט וואס צו טראכטן;
און דער הארבסט־ווינט רוישט און רייסט זיך דורך די פענסטער,
אויסגעשטעלטע, ווי רייען שווארצע שטייגן.

## IV

טעג און וואכן רוען ניט די הענט,
בויט מען צאַמען שטעכיקע ווי שפּיזן,
שטעלט מען טויערן פון אייזן, הויכע, שווערע,
פירט מען פורן ליים מיט שטיינער און מיט זאַמד.

זיינען פרויען טאָפּלט איינגעצאַמטע,
ווי די כאַיעס, אומעטיק־פארבייזערט;
קריכט אַלץ ווער צום דראַטיק־צאַם צום הויכן,
און וויינט זיך דאָרט פאר אימעצן פארנאַנדער.
באַראַקעס פולע, יעדער וויל וואָס ריידן.

הויבט מען אָן זיך צופּאַסן צום לעבן;
און מען שטופּט זיך צו די שווארצע אויוונס,
ווער מיט טעפּל, ווער מיט קאַווע־קענדל.

ווערט אַ וועלט אַלץ מער ארום פארגליווערט,
ליגט די ערד. און קילט אַף יעדן פוס־טראַט:
און בוימער ווארטן שוין אויף ווייסע קליידער,
קוקן פענסטער ווי דורך גרויע ברילן.

שאָען טרינקען זיך אַלץ מער מיט נאַכט אָן,
מענטשן טרינקען אָן זיך מער מיט אומעט.

V

## פרילינג

קלאָרע טעג, פארקלערטע זונען־שטראַלן,
דער דרויסן פול מיט אויסגעבלייכטע מענטשן;
קוקן אויגן מיט אַ דינעם פייער,
שמייכלען אויגן מיט אַ קראַנקן שמייכל.

אין באַשטימטע שעהען טרעפן מענער זיך מיט די פרויען,
יעדער זוכט פון זיי זיך אויס אַ נאָנטן;
יעדער האַפּט אויף טעג פון פרישן פרילינג,
יעדער האַפּט אויף קומענדיקער פרייהייט.

וועלכע עס זיצן וואַרטנדיק אויף ביינקלאַך,
וועלכע עס שפּרייזן אום אויף וועג דעם שמאָלן,
פרויען־לאַגער ליגט דערווייל פאַראיינזאַמט,
ווען־ניט־ווען נאָר שלייכט זיך דורך אַן אַלטע.

## VI

זיי געבענטשט, דו פרילינגדיק דערוואכן,
זיי געבענטשט, דו ליכט פאר לעבנס גרויע:
ווער קען דיך זען, ניט פילנדיק קיין פריידן?
ווער קען דיך זען, ניט פילנדיק די ליבע?

קוק מיך אן! דו ביזט פאר מיר באַשערט דאָ,
דיינע אויגן זיינען פול מיט פייער;
דיינע אויגן ברענען דורך פארלאנגען,
ליבן, ליבן, און אַ סאַך, און ענדע.

לאָמיר דורכגיין פרילינגדיק דעם לאנגער,
גאָלד־באַלויכטן שטייען די באַראקעס;
יעדער שטעג, וואָס פירט דורך רייען טירן,
איז מיט יונגן, גרינעם גראָז באַוואַקסן.

הויב מיך אויף, איך וויל אויף וועלט אַ קוק טאָן:
גרינע בוימער גריסן מיך פון ווייטן,
ברייטע וועגן וואַרטן אויף מיין טרעטן,
ווייטע פעלדער שפּראָצנדיקע טוואָועס.

זיי געגריסט, מיין פרילינגדיקע ערד,
זיי געבענטשט, מיין ברוין־פאַרליבטער אינגל.

# ליבע

אַלע טרויערן אָפּגעפאַלן,
יעדער גרויקייט ליגט צוטראָטן,
ווער ס'קען ליבן, ווער ס'פאַרמאָגט נאָך יונגקייט,
וואַרפט פאַרנאַנדער פריי זיך דורך דער אײַנגנשאַפט.

ניט אַ דריק זיך ברוסט צו ברוסט ביים דורכגיין,
ניט אַ קוש מיט ליבשאַפט ליפּ צו ליפּן,
זונען פלאַמען, ערד ליגט אײַנגעטריקנט,
וועלט און מענטשן טרוימען אין פאַרלאַנגען.

טייער איז פאַר מיר דיין וויי פון ליבע,
טייער איז דיין וואָרט וואָס צאַמט מיין פרייקייט;
פרילינג איז פאַר מיר דיין שיינע שלאַנקייט,
זוניק איז דיין קאָפּ מיט ברוינע קרייזן.

זומער־נעכט — דיינע טונקעלע קלאָרע אויגן,
נאָר וואָס איז ליבע, אָן פרילינגדיקער ברייטקייט?
וואָס איז פרילינג אָן דער ליבעס פרייקייט?

# הייסע טעג

הייסע טעג, עס היצט דער טראָט אויף דער ערד,
זונען־פלאַם צוגאָסענער דורך לופט;
ברוין־פארטריקנט שטייען די באראקעס,
מענטשן שעמעוודיקע פירט מען באָדן וואו.

מאָן און פרוי קוקן שטום זיך איבער,
ביקס און שווערד טיילן זיי פארנאנדער,
און מען רויבערט זומפיקע באראקעס,
און מען טריקנט אוים פארפוילטע שטרוייזעק.

הײם און מיר ליגן ערד און הימל,
הײם און מיר אויסגעלייגטע מענטשן,
ווער עס ליגט אויף שטרוי־זאַק וואו אין שאָטן,
אַנטבלויזט א פוס, אַן אָרעם, ברוסט, צו רוקן.

ווער עס קוקט אריין זיך אין א ביכל,
ווער עס ליגט צעוואָרפן אין באַגערן,
ווער עס זיצט פארטראכטערהייט ביי ארבעט,
ווער עס כאַלעמט מיד פון א געליבטן.

ווער עס שטייט און רעדט ביים צאָם זיך איבער,
ווער עס לאַכט פון ערגעץ מיט א מיד געלעכטער,
און די זון גליטשט זיך ארוים פון הימל,
און א צופלאַמטע נידערט זי צו פעלדער.

שטילער, שטילער, ווערט אין דרויסן ארום לאַנגער,
מיד און שטילע, לייגט מען אוים זיך שלאָפן;
ווען ניט ווען  וויינט זיך אַ קינד פאַרנאַנדער,
וואו ניט וואו גיט אַ טיר א סקריפּע.

בלויער הימל נעמט ארום די פענסטער,
ווייסע בלויקייט, לויכט פון דער לעוואַנע;
גרויע בלויקייט, ליגט אויף ערד צוצויגן,
גרין־צעבלויטע, שפּרייטן זיך די פעלדער.

היים און דעמפּיק  איז די לופט אין שטוב,
היים און נאקעט  קרעכצט מען אויף געלעגערס;
היים פאַרשטיקט  רייסט דורך א געוויין זיך,
היים פאַרמאַטערט  כראַפּעט אימיצער.

הויכער הימל, ערד, ווייט און ברייטן,
אַלצדינג ליגט  מיט ווייסע הענט פאַרפלאָכטן;
און שאָטנס שפּינען איבער בעטן זילבער־פעדים,
שאָטנס שפּינען איבער מיילער שטומע רו.

וואָד, מיין געליבטער, זאָל וועלט מיט צייט זיך שפּילן,
זאָל אייביק מענטש צו מענטש פון וויי דערציילן:
זאָל איינם דעם צווייטנ׳ס בלוט אזוי פארגיסן,
זאָל האַס און פייער דורך די וועלטן שפּריצן,
מענטש בויט אויף און מענטש מוז פארניכטן.

ערד, פארוואָס האָט מען מיין וועג צו דיר פארשטעלט?
איז שווער געוועזן פאר דיר מיין טראָט פון גאנג?
פארוואס האט מען פון אלץ מיך צוגענומען
וואָס טייער ליב איז מיר געוועזן אין וועלט,

דעם גרינעם וואלד, די אַלע ברייטע פעלדער,
די צירונג פון מיין איך אין פרילינג צייט;
איך וואלט איצט וויינען דורך דער בלויער נאַכט־וועלט,
איך וויל ארויס, און פריי זיין ווי געוועזן.

— — — — — — — — — — — — —

נאָר מיין געוויין בלייבט שטום אין לופט פארגליווערט;
עס זינגט דורך נאַכט ווער — פארלאַנגען נאָך א ליבע.

# האַרבסט

שפּיל זיך, שפּיל זיך, ליבסטער מיט מיין ליבע,
האַלט מיך שטאַרקער, שליס מיך איין אין אָרעמס;
בוימער שטייען שוין אַ צייט אָן זאַפטן,
בלעטער פאַלן טרוקענע אויף ערד אַן.

זון האָט לאַנג שוין געשטילט אירע פאַרלאַנגען,
זי קומט נאָך אָפּט, נאָר אָפּגעשוואַכט, אַ מידע;
טעג פאַרלירן זיך אַלץ מער אין נעכט,
טוליעט זיך אַ מיידל צו איר ליבסטן.

אַלע וועגן, שטעגן שוין פאַרלאָזטע,
און באַראַקעס — דורך און דורך גענעצטע
און עס ליגן דאָרט שוין
אַזוי פיל האַרבסטיק־קראַנקע.

נעם אַרום מיך, ליבסטער פון מיין יוגנט,
נעם אַרום מיך, טרוים פון פרילינג־פריידן;
דיינע קושן זיינען הייס, נאָר מידע,
דיינע ליפּן ציטערן אין פיבער.

זיי געזונט, איך נעם מיט זיך דיין ליבע,
ווען פרילינג קומט, געפינען מיר זיך ווידער.

זייט געזונט, כאַדאַשים פון מיין זיין דאָ,
יעדער וועג, וואו ס׳האָט מיין פוס געטראָטן;
עס איז דער לאַגער אָנגעפילט מיט מענטשן
און אַלע קוקן בייִנקענדיק צום טויער.

# אין טעפּלושקע

פירט אַ יאָר מיט טעג זיך אום,
הייקערס טעג,
ניט הויך דערוואַקסענע פון דרערד.
און בייגנדיק די דאַרע שוואַכע הענט,
צולאָזן זיי זיך אין טונקעלן געבעט;

און קיינער ווייס ניט וואָס ער בעט.
אויף אַ ווייטן שלאַנגענדיקן וועג,
ווי אייזערנע בראַסלעטן, רעלסן אויסגעלייגט;
און אָפּט ווי לייצעס אויף איינגעשפּאַנטע פערד,
שוועבט, זיך דרייענדיק די באַן;
בלאָזנדיק פון זיך אַ שוואַרצן רויך —
צום הימל־הויך.

און ס'גייט אוואו אין וועלט,
דורך וואַלד, דורך פעלד,
פון הינטן לויפן נאָך די נעכט,
פון פאָרנט הויבן זיך די טעג,
און טראַ־טראַ־ראַטאַ רעדערט עס,
און קיינער ווייס ניט וואָס ער זוכט.

עס צאַנקט אַ ליכט מיט ציטערדיקן פלאַם —
צום רעדער־טאַקט.
אויף ברעטער ליגן מענטשן אויסגעלייגט —
אין שוואַרצע שאָטנס איינגעראַמט.
עס זשומט פון טיר אריין אַ ווינט,
ווי רוישנדיקע זיידן־קלייד,
אויבן וויינט אַ קינד,
געשווינט, אָפּגעהאַקט.
עס ליגט צעוויקלט פון די ווינדעלאַך
און עפּעס ברומט די מאַמע וואָס צום קינד,
נאָר קיינער ווייס ניט וואָס זי וויל.

עס הויבן נאָך און נאָך זיך מענטשן אויף,
בלייבן זיצן שטיל,
פאַרשלעפּערט און פאַרקאַסט;
און ס'וויינט און וויינט דאָס קינד.
לאַנגזאַם נעמט די מאַמע עס אין שוים,
שלעפּט אַרויס אַ הייגנענדיקע ברוסט,
שטאָפּט עס אין'ם שרייענדיקן מויל:
קוקט אַריבער אויפן צאַנקענדיקן ליכט, —
און קיינער ווייס ניט וואָס זי וויל.

אַז אייוועלע צופלאַמט פון רויטן ליכט,
פון טירל לויכטן, ווי פייערדיקע ציין:
בלייכע פּענימער מיט שאָטנס איינגעדרייט,
ווי ווייסע קנעפּ, אויף שוואַרץ געוואַנט.
צוויי וואָס זיצן אויף די ברעטער אין דער הויך,
א גרויסער מענער־גוף זיצט העלפט צוריק געבויגט:
מיט אויגן וועלכע קוקן אויף א מיידל'ס ווייסן האַלדז,
און ביידע בויגן זיך אַלץ נענטער צו.
ביים שפּינדע פון דער צאַנקענדיקער ליכט
ברענען זיינע אויגן, כאַלעמט איר געזיכט:
און צוויי־דריי זיצן זיך אין זיך אליין פארקלערט,
און קיינער ווייס ניט וואָס מען קלערט.

עס רעדערט קוים שווין,
עס עפנט זיך די ברייטע סקריפּנדיקע טיר:
עס גיט א פאַל אריין א ווינט, —
ווי א קאַלטער קוש.
עס הויבט זיך עפּעס, ווי א בערגל פון דער זייט
און ס'וואַרפט פון זיך אַראָפּ
קאָלדרעס, מאַנטלען,
ביז מען זעט אַ קאָפּ,
איינגעוויקלט אין אַ גרויסן טוך,
און הויבט אַן שרייען מיט א הייזעריקן קאָל, —
נאָר קיינער ווייס ניט וואָס עס שרייט.

עס לויכט א גרויליך העלקייט דורך א שפּאַלט פון טיר
און ס׳הייבט אָן קריכן אַזא בלאַסער שטראַל:
און גיט אָפּ א גרוס פון פאַרגייענדיקן טאָג.

עס פולט מיט טונקלקייט אַלץ מער זיך אָן,
און ווי אַ ווייטער אומעטיקער רוף,
פייפט די באַן —
פאַרטויבט אַ ווײַלינקע דעם טומלענדיקן ווינט.

און טראַ־טראַ־ראַטאַ, קריכט, זיך דרייענדיק די באַן,
אַהין, אַהער, דורך וואַלד, דורך פעלד,
מיט שניי און שטורעם איינגעדעקט,
נאָר קיינער ווייס ניט וואו עס גייט.

דער אויוועלע צופלאַמט אַרום ווי גאָלד,
עס זיצן צוויי אין פעלצן איינגעהילט:
יונגע פּענימער, נאָר אויגן קוקן מיד,
און ביידע שמייכלען שטיל צו זיך.

און עפּעס זיצט א גרויסער מאַן אין הויך,
די לאַנגע פיס שאָקלען זיך אַרום:
די פולע ליפּן אויסגעבויגט,
וואו עס שטעקט א ציגאַרעט.

מער און מער צוליגט מען זיך צוריק,
ווי קוואַרימליך אין טיפער פינסטערניש:
און עס שמעקט די לופט מיט ערד.
עס ליגט מיין קאָפּ געדריקט אין מיינע הענט,
איך פיל אַ טרער מיר אויפן פּאָנים ברענט:
און ווער עס שלאָפט, און ווער עס טראַכט אין טונקלקייט אריין,
נאָר קיינער זעט ניט, קיינער ווייס ניט וואָס איך וויין.

# ביי אַ גרעניץ

עס גלאַנצט אריין אַ טאָג
דורך א שפּאַלט פון טיר,
דורך לעכער פון די ווענט,
ווי בלויע ציין, ווי א לאַנגער צונג.

און לעקט און לעקט די שוואַרצקייט אויס.
בלייבע פּענימער פאַרבלויט,
פאַרויס העלט זיך דער טאָג;
פון אויוון לויכט נאָך קוים אַ רויטקייט אָפּ,
מען זיצט אויף פּעק און זעק, די הענט פאַרלייגטע אויף די קני.
און ס'דוכט זיך אויס מען הערט
דאָס שוואַכע רעדערן פון באַן,
וואָס ברענגט א מאָרגן אָן.

די טיר שטייט אויפגערוקט,
ווייסקייט ליגט צופּלייצט אויף ווייט און ברייט,
און מענטש צו מענטש,
און שווערד צו שווערד,
מען גייט אַהין, מען גייט אַהער.
הינטן ליגט די גייענדיקע צייט און בוינקט,
פון פאָרנט שמייכלט אָן א נייער טרוים,
נאָר קיינער ווייס ניט זיין באַדייט.

# אין גאנג

אין די אפגעקילטע טעג,
וואס פליען ווי די ראָבן דורך,
נעם איך אויף מיין אלטן גאנג.
בין איך דאך א וואנדער־מענטש
מיט פעקל אין דער האנט:
ניט אלץ איינס — צי דאָ, צי דארט?
עס זשומט די שטאָט,
ווי בינען אין א בינשטאק,
מיט לייכטן ערשטן שניי,
ווי פריש געפאלענער טוי.

ווי גרויע שמאטעס אין דער לופטן,
קריכן, ציען זיך די וואלקנס.

ער, מיין ליבער טומל!
שלאגט מיט צייטן זיך צוזאמען, קאפ אָן וואַנט,
איר זייט פארסאמט.
ווי מייז וואס לויפן אָן א ציל,
פארנארן זיך אליין צום טויט.

היינט, צי מאָרגן שטירצט די ערד,
מער און מערער, גרינע ביימער, קאלטע שטיינער!
דאָ דעם זון — און דארט דעם טאָטן,
טויטע לעבנס אין רייעןווארטן.

ווערט די ערד מיט בלוט פארגאסן,
בעטן, טישן, נאקעטע לייבער,
אויסגעמישט מיט רויטע פארבן
און אין נאכט — שטארבן! שטארבן!

צאפּלט זיך א יונגער קערפּער, —
שוין מיט האלב פארגלאצטע אויגן;
און ווישט דאס בלוט פון טויטן קינד,
און וויינט אין שטארבן אויס א קלאָלע.

שטארב מיט איר, דו קלוגע מענטשהייט!
אז קיין איינער זאל ניט בלייבן;
צום טויט אלץ העכער רופן צייטן,
ווי א ריי מיט ווילדע לייבן.

וויגט א ווינט זיך אויף די בוימער,
לעבן א גרויסן רויטן מויער;
און אין פענסטער קוקן בלייכע,
בלייך מיט אבגעקילטע אויגן.
און די אויגן קוקן — ציילן
געלע בלעטער אויף דער ערד.

טו זיך, מיידל, אן דיין קלייד,
ביזט די צייט שוין אפּגעלעגן;
האָסט צו נעמען נאָך א פּעקל?
ביזטו שוואַך און אפּגעמאטערט?
קאנסט קיין טראט אליין ניט שטעלן?
שלעפּ זיך, האלט זיך אן די הייזער,
ברענען קוים פארהילטע וואונדן!
ביים צוזאַמען בלויע ליפּן!
האָסט קיין היים ניט וואו צו רוען?
מיש צוזאַמען אין דעם ראַד זיך
פון א וועלט מיט מישוגאָים!

שטיצט די ערד, מער און מערער!
גרינע בוימער — קאלטע שטיינער,
דא דעם זון — און דארט דעם טאטן,
לעבנס טויטע אין רייען ווארטן.

און די ערד וועט זיך באקליידן,
גרינע ביימער — קאלטע שטיינער,
וועט א ציג מיט וואלף שפאצירן,
און א בער — מיט שאף זיך קושן:
וועט א קאץ א מייזל האלדזן.

און פון אלע סארטן כאיעס
וועט זיך שליסן אזא פרידן,
און אין וועלטן אומשפאצירן:
פויגל שוועבנדיק אין לופטן,
וועלן לידער פאר זיי זינגען.

וועט מען זוכן וואו א מענטשן
פאר א וואונדער צו באווייזן,
אלע הייזער און פאלאצן
וועלן שפינען דיק פארוועבן:
און מען וועט דארט פליגן פאנגען,
ווי הארעס — פרויען, זיי צו ליבן.

טעג און נעכט וועלן זיך מישן
און צו אייביקייט זיך שליסן,
מיידל, לייג זיך צו וואו שלאפן,
ווי דאס מיידעלע פון ביכל,
אויפשטיין זאלסטו אין יענע יארן,
אין וועלכע דו וועסט איינע בלייבן.
דריי זיך, מיידל, איין אין שטורעם,

ווען דער שטורעם קויאך די געבן
און מיט דיר אין וועלטן פליען,
ווייט פון אַלע וועלכע שטארבן.

נאָר דערווייל די שנייען פאלן,
מאָלט דער ווינטער ווייסע וועלטן;
בין איך ווייט מיין גאנג פארגאנגען,
און א נאכט היינגט אויפגעהאנגען,
דעם קורצן טאג שוין אויף די פלייצעס:
און איך גיי זיך — גיכער, גיכער,
לאָז איך, צייט, אליין דיך איבער.

# אַ ברענענדיק שטעטל

פייער! פייער! ס׳ברענט!
קאָפּ און הענט,
איינגעבויגענערהייט,
האָר און קלייד די פלאַמען רייסן;
איבער שפּיציקע שטיינער מען פאַלט,
יונג און אַלט,
א פייער ראָד.
א מוטער זיצט,
איר קינד אין שויס,
דריקט צו זיין לייב צום ברוסט,
און גייט אין פלאַמען אויף.

אויף דער ערד אַז אַלטער ליגט,
די הענט צושפּרייט,
עס לויפט זיין זון ארום,
לאַכט און שרייט,
מיט זאַק אויף רוקן,
און שרייט: איך בין אַ פערד —
און רייט אין וועלטן.

אריבער קינדערלאַך,
וואָס קריכן וויינענדיק,
ווי קליינע קעצעלאַך נאָך מאַמע קאַץ,
לויפט אַ פאָטער דורך,
כאַפּט אויף אַ קינד פון דר׳ערד,
האַלב צוברענט, האַלב צוטראָטן.

אַן אַלטע בלינדע שרייט,
כאַפּט מיט הענט די לופט,
איר מאַן, איר זון,
און אַלץ צוזאַמען גייט אין פלאַמען אויף.

## ביינאַכט אויף אַ פעלד

אויף שוואַרצן פערד רייט ווילד דער טויט אַרום
און ווישט זיין שווערד אויף פרויען לייבער אָפּ.
פאַרקלעפּט מיט בלוט, אַ קלייד, אַ בלוז,
מען זעט אַ פוס, מען זעט אַ ברוסט.
און שטום די נאַכט,
מיט ווייכן שטיל געוויין,
אין טונקעלקייט שטייט אימעצער אין הויך,
דעם קאָפּ צוריקגעבויגט,
די הענט אין לופט צעשפּרייט,
און מורמלט עפּעס וואָס.

## אַ וויזיע

די וועלט איז נאָך ניט טויט,
עס שטייען אַלע טויטע אויף
און וואַנדערן אַרום.
אין רייען שטיל און שטום,
ביי איינעם שלעפּט דער קאָפּ זיך נאָך,
און טראָגט אַן אָפּגעהאַקטע האַנט מיט זיך;
אַ צווייטער שאַרט זיין האַלבן גוף אַרום
און שלעפּט דעם אַנדער האַלבן מיט מיט זיך.
אַ דריטער, מיט אַ רויטער האַרץ אין האַנט,
און אויגן קוקן שטאַלץ אַריין אין שוואַרצער נאַכט:
אַלע וואַנדערן זיי אַן אַ וואָרט, אַן אַ קלאָג,
אַן אייגענע לעוואַיע, שטיל צו גאָט.

# אין באַן

עס רוישט אַ באַן — שוואַרצער אָדלער
מיט אויגן פֿינסטערע:
ווי אײַנגעצאַמטע גענז מען זיצט,
אויף פּעק, אויף זעק, אין מאַנטלען אײַנגענורעט.
עס וויינט אַ קינד,
עס גיט אַ סקריפּ אַ קערבל,
די לופֿט איז שוואַרץ, מיט שטויב דורכגענומען.
פֿאַלט אַ דרימל אָן,
גיט דער קאָפּ אַ פֿאַל,
גיט אימעצער אַ שנאָרך,
גיט אימיצער אַ כראָפּ,
גיט אַ קינד אַ קרעכץ,
און רעדער אַלץ פֿאַרטראָגן,
ווי קלאַפּנדיקע פּויקן.
אַ שטורעם רוישט נאָך ווילד,
ווי פֿאַטשנדיקע פֿליגלען.

מען פאַרט — ווער ווייסט וואוהין?
די נאַכט איז לאַנג און שוואַרץ,
די וועלט איז גרויס און ווייט.
בלייבט א רעגע שטיין דער באַן,
ציטערט דורך א שרעק,
א קלאַפּ, א געשריי, געבעט, געוויין,
א פאַל, א קוויטש,
און ווייטער רעדערט עס.

א גרויער מאָרגן קוקט,
ווי אַן אויסגעגלאָצטער אויג;
אויף פאַרגליווערט בלוט,
אויף שטילע טרערן,
אויף רויע וואונדן,
אויף נאַקעטע לייבער,
אויף צאַפּלענדיקע קינדער.
און אַלץ פאַרטראָגן די רוישנדיקע רעדער.

## יוגנט לידער

# מארגן ליכט

א הויך נאך א הויך אטעמט אן שוין דער מארגן,
אין צימער צושפרייט זיך א בלויליכע ליכט:
איך לייג מיינע הענט אויף דער האלב בלויער דעקע
און וויקל זיי איין אין די שאטנס פון ליכט.

עס ווערט מיין בעט־דעק באמאלן מיט בלומען,
וואס ס׳ווארפט אפ דער שאטן פון פענסטער גארדין:
און לאנגזאם פארמערן זיך ראזלאכע שטראלן,
און וויקלען ארום מיינע העלבלאנדע האר.

איך נעם א שפיגל וואס שטייט אויפן טישל,
דערזע דארט מיין בילד איינגעשפונען אין ליכט,
צוויי אויגן פארטויטע, אין בלוי ווי דער מארגן:
צוויי ליפן אזוי ווי דאס רויטליכע ליכט.

איך שפרינג פון מיין בעט ווי א ווילדע אין צימער
און טרעט אויף די דילן אין פלעקן פון ליכט,
און איך טאנץ מיטן מארגן, א טאנץ פון דער ליבע,
וואס דרייט זיך און פרייט זיך צוזאמען מיט מיר.

דו, מיין ליבסטער פון די ליבעס:
איך האב פאר דיר מיין הארץ געעפנט —
ווי א קנאספ נאך פרילינג׳ס רעגן;
ברייט זיך אויס אין זונען־שטראלן

מיינע אויסגעטרוימטע וועלטן —
פול מיט ליכט און פול מיט פריידן,
האסטו איצט פאר מיר געשאפן;
האב איך זיי דורך דיר דערקענט.

מיינע טעג אין דיינע אויגן,
מיינע נעכט דיין אויגן טרוים,
וואס שפיגלען אפ אין זיי מיין כאלעם,
ווען זיי קוקן ליב מיך אן.

וואס מיר אלע בלייכע וועלטן?
וואס מיר גרויקייט, וואס מיר טרערן?
הייסקייט שטראמט אין מיינע גלידער;
מיינע ארעמס שטרעק איך אויס

איך האב דיך ליב — רוף הויך עס אויס.
זאל א קלונג טאן ווייט און ברייט!
צו די ווייטע בערג און טאלן,
צו דעם ברייטן וואלד און פעלד
וויל איך רופן — זעט מיין ליבן!

זיי וועלן ענטפערן: מיר זעען,
דיין געשטאלט א פעלז א גראדער,
וועלכער שטייט אויף פלאכן פעלד,
און וואו ארום איך זאל ניט קוקן
בלייבסטו טאמיד פאר מיין אויג.

# צו מיין ליבן

צו מיין ליבן, צו מיין ליבן!
ס׳שמייכלט ערד, ס׳שמייכלט הימל,
ס׳לאכן וועלטן מיר אנטקעגן!
און איך לויף אויף פרילינג־ערד.
דורך געגראבענע טיפע טאלן,
איבער גרינע קעפ פון בערג,
וועלכע עס שפיגלען זיך אין טיפן;
וואו עס פלייצט א קלארער טייכל.
און דער טייכל מורמלט עפעס,
צו דיין ליבן, צו דיין ליבן
קום אראפ צו מיר אהער,
זאלסט דיינע פיס און פאנים וואשן —
זאל קיין שטויב דיין לייב ניט פלעקן;
ריין זיין קוש זאל אויף דיר בלייבן.
און איך וואש מיר דארט אין טייכל,
וועלכער ס׳שפיגלט אפ מיין ווילדקייט.
און איך קער זיך אום אויף וועגן
וואו עס וויגן זיך דארט זאנגען,
אויסגעפוצט מיט בלויע בלימלאך,
און זיי זשומען מיר וואס, שטילע,
צו דיין ליבן, צו דיין ליבן.
נעם פון אונז די בלויע בלימלאך
וועלכע ס׳הייסן ניט פארגעסן —
און פארפוץ דערמיט דיין ליבן;
ער זאל א פרייד אין אונז דערקענען.

און איך רייס אויס בלימלאַך בלויע,
דריק זיי פריער צו מיין הארצן,
און איך לויף דערמיט צום ליבן,
צו מיין ליבן פול מיט בייַנקשאַפט.
גיסט די זון אויף מיר איר רויטקייט —
און זי היצט מיר אַן אין אויער,
צו דיין ליבן, צו דיין ליבן.
איך וועל דיין לייב נאָך ברוינער מאַכן,
ער זאל מיין פארב אין דיר דערקענען —
און ער זאל מיך אויכעט ליבן,
און איך לויף און זינג צו וועלטן —
צו מיין ליבן, צו מיין ליבן!

## ניט נאָר איך אליין.

ניט איך אליין האב זיך פארליבט אין דיר,
ניט נאָר פאר מיר ביזטו די פרייד פון טאָג,
ניט נאָר פאר מיר ביזטו דער טרוים פון נאכט.
קום איך אַן צום וויים־פארשנייטן וואלד —
באלאדן מיט פארליבטע טעג און נעכט —
און רוף פון בייַנקעניש ארויס,
איך בין פארליבט!
גיט ער זיך אַ טרייסל ווי פון שלאָף,
און ענטפערט אָפּ — איך בין פארליבט.

זוך איך אויס דעם ברייטן פעלד,
וואס ליגט מיט גליטשערדיקן שניי פארדעקט,
און שריי ארויס, איך בין פארליבט!
גיט ער זיך קיין ריר —
נאָר ער ענטפערט פון דער ווייט מיט אַ פארגליווערט קאָל,
איך בין פארליבט!

און ביי דעם וואַסער־טיף
וואָס ליגט פאַרפאַנצערט ווי די ווייסע ערד,
זאָג איך שטיל,
איך בין פאַרליבט,
און הער צו פון דער טיף
אַ פּליעשטשערדיקן קאָל,
איך בין פאַרליבט.

ניט איך אַליין האָב זיך פאַרליבט אין דיר,
איך ווייס אַז ווען די זון וועט שמעלצן
די פאַרגליווערטקייט פון וועלט,
וועט דאָן יעדער שטעג,
וועט די ווייט און ברייט
מיט מיר באַזינגען דיך,
ווייל מיר אַלע זיינען איינגעליבט אין דיר.

## ליבע שפּיל

ווי מיט דער זון, איך לייכט זיך אָן מיט דיר,
נאָר ווי די זון, אַזוי ווייט ביזטו מיר.

נאָך איידער דו האָסט דיין שטראַל פון מיר פאַרבלייכט,
ליגסטו אין אָרעמס אַ צווייטע וועלטן־רייך,

טאָג אין טאָג, דו קומסט באַווייזן זיך,
טאָג אין טאָג, פאַרגייסט אויף דאָרט צוריק.

דו קומסט צו מיר ווען איך פריי זיך ווי אַ קינד,
דו גייסט פון מיר ווען עס ווייַנט פאַרלאַנג נאָך דיר.

איך ווייס ניט זיך, איך ווייס ניט ווער דו ביזט,
אַ ליכטיק שפּיל, איין אייביק ליבן זיך.

# אַ זומער נאָך מיטאָג

שטייט דאָס ווייסע הויז אין שווייגן,
טוליעט זיך אין זונען שטראַלן;
ווי אַ פרוי נאָך שווערער אַרבעט,
דרעמלט נאָכן מיטאָק־עסן.

ליגט דער הונט זיך אויסגעצויגן,
האַלט די אויגן צוגעשלאָסן;
פילט ניט פון דעם קייט דעם שווערן,
וועלכע בינדט אים צו צום הייזל.

שטייט אַ בוים מיט יונגע אויבסטן,
צווויטשערט וועז ניט ווען אַ פויגל;
לויפט אַ הון דורך נאָך אַ צווייטער
צו אַ קליינעם געלן שטייגל.

זיצט אַן אַלטע אויף אַ ביינקל,
שטריקט אַ זאָק און קען ניט שטריקן;
פאַלן הענט אַראָפּ אין שוים איר,
ליגט די קאָפּ איר טיף געבויגן.

ליגט אַ לאַנקע אויסגעצויגן,
שלעפערט איין איר יעדער בלימל;
הויבט זיך איינע אויף איר קעפל,
בויגט די צווייטע זיך צום דרימל.

שלענדערט דורך אַ בלייכע מיידל,
האַלט די אויגן האַלב געשלאָסן;
זוכט פון כאַלעם איר געליבטן,
וואָס זי האָט אים דאָרט געלאָזן.

## ליטווישע מאָטיוון.

# אָוונט

דאָס טאָג־ליכט צעזיפּט זיך אין טונקעלע שפּריצן,
און דער רעגן גייט מיט זיין שליכעס צו דר'ערד:
אַ טרויעריקער סאָד דער וועלט.

אין דער וועלט זיינען פאַראַן אַזויפיל טייערע, נאָענטע,
ווי זוניקע פלעקן אויף אַ האַרבסטיקן פעלד;
וואָס ווילן קיין מאָל ניט דורך שאָטנס פאַרגיין,
פאַרן טויט פון אַ נאַכט.

צוריסענע גאָלדענע קייט פון אַ דויר;
שוין אויף אייביק צוקושט זיך מיט דער היימישער ערד.
דאָס שטיבל וואָס פוילט מיט דער ביינקשאַפט צוזאַמען,
פאַרגייט צוליב אויפגאַנג פאַר אַנדערע נייע.

פאַראַן נאָך אַ טרער היינט פאַר אייגענעם צאַר,
פאַר אַ דויר וואָס צעשמעלצט זיך
ווי אין פרילינג דער שניי;
און די היימישע שטעטל וואָס איז איצט אַזוי נאָענט,
וועט פרעמדן אַזוי, ביז פאַרגעסנקייט.

# מיין שטעטל — זומער.

אזאַ נאַכט, אזוי דורכזיכטיק קלאָר,
אזא ערד, ווי מיט זילבער באַוועבט;
און הייזלאך אין שורעם געזעצט,
ווי הינער ביינאכט אויף אַ שטאַנג.
פענסטער ווי פערל־מוטער גלאַנץ,
ביימער פון זייטן צושטעלט,
און שטיל מיט א גרוילאכן זשום,
היים פון א זומער־נאַכט לופט,
א שלאָפנדיק פייגלישער נעסט.

עס זינגט ווער אין שטילקייט פון נאַכט,
עס רייסט זיך פון פענסטער אין גאַס;
אַ מאַדנע א וויינענדיק פרייד,
אַ מאַדנע א פריידיקע וויי.
א קאָפּ צו א וואַנט אַנגעשפּאַרט,
אויגן נאָר האַלב צוגעמאַכט;
די הענט ארום נאקן פארדרייט —
באַרוועסערהייט.

און עפּעס אויף א גרינלאכן בארג,
צועפנטע טירן פון הויז;
מיט ליכטיקע פאסן אויף דר'ערד,
אויף דילן פון שטייניקן גרוי.
מיט ווענט פון א טונקעלן ברוין ,
און פאַרן פארשטייפטע מיט הענט,
און קעפּ אויפגעהויבענערהייט.
מיט אויגן פארקוקטע אין זיך,
רוקן זיך, שארן מיט פים;
אויף דעם שטיינערנעם דיל.

אַ שפּילער ביים שוואַרצן קלאַוויר
וואַנדערט מיט פינגער אַרום,
דעם קאָפּ געבויגענערהייט,
מיט אויגן פאַרטרויערט און שטיל,
און שיט אָן מיט קלאַנגען אַרום.

— — — — — — — — — — — — — — —

ווענן אין ווענן פאַרדרייט,
ווענן דורך אייביקן גיין
וואָס פירן קיינמאָל ניט צום ציל,
וואָס לאָזן קיינמאָל ניט צוריק.

אַזאַ פאַרנאַכטיקער ווינטעלע ווייעט,
אַזאַ גרוילאַכער הימל צושפּרייט,
אַזאַ ערד פון דער לופט דורכגעווייקט,
אַזאַ מאָדנער, דומפּיקער דופט;
אַזאַ פליען פון בלעטער אויף ערד,
אַזאַ מאָדנער געראַנגל פון טויט,
אַזאַ אייביקער קומען און גיין.

די שטוב איז אין גרויען געהילט,
אויף דילן אַ שטאַרבנדיק ליכט;
דער טאָג ווערט פאַרפאַלן אין נאַכט,
און נאַכט וואַרפט אויף ווענט זיך אָן.
טריט נאָך טריט אין האַפּערדיקן ראָד,

קלאַנג נאָך קלאַנג אין זינגענדיקן וואָרט:
יונג און אַלט אין אייגן ליכט פאַרטאָן,
און איבער אַלץ, אַ גרויער זשום-געוועב.
מען ציט אַרום זיך אייביקוויים פון שטוב,
מען ציט אַזוי דורך געסלאַך קוים באַלויכטע;
מען ציט זיך צו די קלאַנגען, דום פון שרייען,
ווי אין אַ שטילער נאַכט פליגן זשומערייען.

# צייטן

אין אייביקייט קנעט דורך מיט גרויע פינגער,
דאָס אייביק זיין פון טרוימענדע געמיטער;
דאָס אייביק זיין פון אומעטיקע פריידן,
איין אייביק זיין פון פריידיקייט און אומעט.

רייך ביזטו, דו ליכט פון איצט און קומען,
ווער קען שאצן דיינע שאָען שיינע ?
ווער נאָך קען דיין קורצן שיין דערפילן?
ווער קען די פרייד דיך צו באַזינגען?

טיף ביזטו אין דיין פארגרויטן זשומען,
פארגאנגענהייט, אין ניט־זיין, דורכגעשוואומען,
דיך פארזינגט די פרייד אין אייביקן אומעט,
דערטרונקען ווערט אין דיר דער איצט און קומען.

## דאָס הייזעלע אין גרויען

איך זוך דיך אוים, הייזעלע אין גרויען,
פאַרנאַכטיק־צייט, האָט פענסטערלאַך פאַרצויגן;
אַ גרויסער טיש, צום שלאָף־באַנק צוגעצויגן;
און אַלטער שפּיגל אין ווינקל פון קאַמער.

מיט ליכט פאַרקלערט די שוואַרצע יונגע אויגן,
וואָס שווימען אום אין עפּעס וועלטן ברייטע;
שוואַרצע האָר, צולאָזן אויף די פּלייצעס,
קוקט אין פענסטער עפּעס וואו, און זינגט וואָס.

אַלטע מומע מיטן געלבלאַך פּאָנעם,
טיכל ווייסע, מיטן קנייטש צום שטערן;
אויגן קוקן אויף די הענט די דאַרע,
וועלכע שפּינען וואָל ביים שוואַרצן רעדל.

און דער פעטער הויך און גראָד, אַ בלינדער,
שפּאַנט מיט טריט אַריבער גרויע שאָטנס;
הענט צושפּרייט און טאַפּנדיק אין לופטן,
שוואַרץ אין אים, מיט שפּליטערס ליכט פון האָפן.

## גיין און קומען

פּלאָנטערט, פּלאָנטערט זיך, איר אַלע וועגן,
פּלימערט, פּלימערט, ליכט פון שפּליטער־שיינען;
גאָט האָט מיין נעשאָמע שווער געוואויגן,
קעגן גוף פון מיין יונגן לעבן.
און אייביקייט צווישן ערד און הימל,
זיצט און פלעכט אזוי די אַלע דוירעס;
וועלכע ברעכן, בויען איבער צייטן,
נאָר איין פלעכט, פון קומען און פאַרגיין.

## געבענטשטער דרויסן

עס ליגט אזא זוניקער טאָג אויפגעבויט,
ווי בלויער עמאָל ליגט דער הימל צעשפּרייט:
און זון, ווי אומענדליך ברענענדיק קאָפּ,
מיט גרין דורכגעצויגן די גרוילאכע ערד.

און מענטשן מיט יאַנטעף פון פרילינג אויף זיך,
און מענטשן פארקלערט מיט זון־ליכט אין זיך:
א ליכטיקער שוועבן אין פּאלאַץ פון טאָג,
א גרוילאכער וועבן פון שטערבלאכן זיין.

## א שפּליטער פון מיין היים

גרויע ווענט, א סאָפע, טיש, מיט שטולן,
א ריינער דיל מיט שמאַטקעלאך צוליינגט;
דער לאָמפּן־שיין מיט שאָטנס אויסגעצויגן,
איין פענסטער, נאָר באַהאַנגען מיט גארדין.

דער טאַטע זיצט, שטעכט און ציט אַ נאָדל,
דער קאָפּ געבויגן, מיט אומעטיקן קאַם;
אלע קינדער זיצן מיר און שווייגן,
און די מאַמע זיפצט, גייענדיק ארום.

# די פרייד פון גאָרטן

דער גאָרטן אַ באַלויכטענער מיט ליכט,
און פאַרן גאַנג פון טראָט צושפּילט זיך דער אָרקעסטער;
אין דעם קלאַנגען־רויש פון ווייַ און גליק
פאַרשפּינט זיך אַ פאַרגאַנגענהייט, ווי גאָלדיק־שטויב פון טריט.

אין ליכט, אין פולן גליק פון בלויע זומער־נעכט,
כוואַליעט זיך די פרייד פון יונגע דוירעס;
וואו אַלץ איז וואַך, איעדער קלענסטער גליד,
אין רויש פון האָפנונגען, הייסעסטע פאַרלאַנגען.

די טעג, ווי וואונדער־שיינע פּאַוועס, טרוימען דורך,
די נעכט ווי בייַנקענדע פאַרליבטע ציען צו;
און יעדער זוכט אין טונקלסטן געמיט
צו טרוימען אין די אָרעמס פון אַ נאָענטן גליק.

# הינטערן גאָרטן

יעדער צייט קומט מיט איר נייעם דויר,
ווי מאַמע מיט איר קינד אויף הענט געטראָגן;
און האָדעוועט איר אויס, און לאָזט איר אין איר גלאַנץ,
און שטאַרבט אַליין פון איינזאַמקייט אויף וויסטע וועגן.

און הינטער טויערן פון אָט־דעם גאָרטן טרוים,
צעוויקלט זיך אין נעכט דער שטעטל'ס שטילסטער צאַר,
ליגן געסעלאַך אויף וועגן קויטיקע און שמאָלע,
און יעדער הייזעלע אין זיך אַ מייסעלע פאַרבאָרגט.

עס ליגט פאַרשטומט דאָס הייזעלע פון פרייד,
וואָס האָט געהאַט אין זיך די ליכטיקע געשטאַלט
פון מיינע אַ מומען.
הויך און שלאַנק, מיט שמייכל שטענדיקן אויף זיך,
און אויגן אידישע, וואָס האָבן אויפוועקן געקענט
אין פרעמדע ליבע צו איר גלויבן.

אין אירע קאַמערלאַך, באַצירטע אַלטע מעבל,
פלעגט זי אומוואַנדלען אין קרייז פון אירע קינדער;
אַלע ווי יונגע צווייגן בויגיקע און דינע,
אַלע מיטן כיין און שמייכל, ווי די שעמעוודיקע ליבע.

און ביי דעם פייערל פון קוימען, קאָכנדיק איר אָרים מאָלצייט,
פלעגט זי זינגען מיט די קינדער אַ פאַרביינקטע לידל;
פלעגט זי לאַכן מיט די קינדער פון אַ פריילאַך ווערטל,
פלעגט זי וויינען מיט די קינדער פון אַ קינדס אַ ווייטאָק.

טייער, טייער איז געווען אָט די מומע ראָכע,
מאָמעדיק און גוט, פאַר יעדערן פון אונז:
און אַז אַפּרו־דאַך פאַר פילע עלנטע, פאַרלאָזטע.

## פֿאַרוויסטונג

איין אייביקער זיין און ניט זיין,
אייביקער טרויער און שיין,
אייביקער גרויער געזשום,
און אייביקער פֿלאַטער פֿון ליכט.
עס האָט אַ שפּיי געטאָן די צייט מיט פֿייער,
און וועלט פֿארבלוטיגט איז געווען אין אירע וואונדן;
דאָס קליינע הייזעלע האָט זיך אָפּגעטראָגן
פֿאר רויך און שטויב אויף גרויע וויסטע פֿעלדער.
און ווייטער, ווייטער, הינטער אָט דעם גאָרטן,
ווייטער, ווייטער, איבער אַלע קרומע געסלאַך;
וואקסן ביימער, איינזאַמע, פֿארלאָזטע,
ליגט אַ דויר, אויף אייביק שוין פֿארשטומט.

## אַ כופּע אין האַרבסט

עס האָט זיך אַ דראָשקע מיט אָפּגעשטעלטער ביידל
אויף בלאָטיקע וועגן פֿון שטיינערנע ברוקן געשאָקלט;
און נאָכט האָט געניידערט אריבערן שטעטל
מיט אַ הימל ווי עפּעס אַן אויג אַ פֿארטרערטע.
און שיטערע ליכטלאַך אין געלבלאַכן נעפּל,
ווי שנירעלאַך פּערל צוצויגן אין לופֿט;
זיי האָבן געגענטערט און זיינען פֿארוויי־טערט,
צוזאַמען מיט הייזער, וואָס עס האָט זיי א רעגן געקושט.
ס'איז שטילער געוואָרן דער גאַנג פֿון די פֿערדלאַך,
נאָר שטארקער דער רעגן געקלאַפּט האָט אין בויד;
ס'האָט קיינער גערעדט דאָרט,
ס'האָט קיינער פֿארלאַנגט וואָס,
נאָר שטיל און פֿארגליווערט —
דערטראָגן דעם אומעט פֿון האַרבסט.

# ביים ראָוו און שטיבעלע

א וואַרימע, רואיקע שטילקייט,
פאַרבלאַטיקטע דילן,
פאַרהאַנגענע פענסטער, וואָס ליגן ניט ווייט פון דר'ערד,
אַ טישל באַדעקט מיט אַ געלבלאַכן טישטוך,
א לעמפּל וואָס האָט מיט א שלעפערדיקן שיין
פאַרשפּונען מיט שאָטנס אַן אומעטיק שפּיל אויף דער וואַנט.

געזעסן אַזוי זיינען מענטשן ביים טישל,
מיט זיי איז געזעסן א מיידל ביים זייט;
די הוט ביז די אויגן,
אין מאַנטל פאַרוויקלט,
א בלאַסע, א יונגע, געלאַכט און געוויינט
אין איר אומרו.
און רעגעס, ווי בלוטיקע שפּריצן פאַר די אויגן,
האָבן זיך געמערט אין אַ פייערדיקן ראָד.

א זשומעדיק שטילקייט,
אַ כאַסענע־ווילדקייט,
מיט אייגענע פריידן, מיט אייגענעם פּיין.

מיט אומעט געשמייכלט,
און עפּעס אין האַפּן, געקוקט צו די פענסטער.
און עס האָט זיי געדאַכט די נאַכט איז אַ שוועסטער,
און פויגעלאַך טויזנטער פּיקן אין שויבן,
און פרעגן, און טרויערן צוזאַמען מיט זיי.

# דער כאָסן קומט

א הירזשע פון פערד האט די שטילקייט צוריסן,
און פּאַדקאָוועס האָבן געקלאַפּערט אויף שטיינער;
עס האָט זיך א פייער געצונדן אין די אויגן
ביי דער מיידל דער בלייכער,
און שפּיציקע נעגל האָבן אין אייגענעם פלייש
די הענט געריסן, צובלוטיקט.
די טיר האָט זיך האַסטיק און ברייט אויפגעעפנט,
פון מאַנסבילשע טריט האט דערהערט זיך א שפּאַנען,
עס האָט זיך דער לאָמפּ־פלאַם אַ טרייסל געגעבן;
ווי עס וואָלט זיך א ווינט מיט אמאל דורכגעריסן.
אַ באָכער א הויכער מיט אַ פּאָנעם א בלייכן,
מיט טונקעלן פייער האָבן אויגן געפלאַקערט,
שטרייפעלאַך ליפּן פארביסן אין צאָרן,
עפּעס ווו איינער ביים טויטן א מענטשן. . .
איז גיך דורכן טיר דורך, אין אַ קאַמער אַ צווייטן,
באַגלייט פון אַ מענטשן, פארלאָרן אין אייגענעם שמייכל.
וויילע־ווייס האט זיך די טיר־אויפגעעפנט,
און מענער מיט בערד און מיט שפּיציקע היטלען
זיינען שטיל ווי די שאָטנס אריבער דעם שוועל;
צושטעלט זיך אין קופּקעלאַך ריידן צוזאַמען.
עס האָבן זיך ליכטלאַך צו ליכטלאַך געבויגן,
און האָבן באַלויכט זיך אין ווייסינקע פלאַמען:
און געל ווי פאַרעלטערטער שניי, האָט אַ טיכל
אַ זיידנס, באַדעקט איר דעם ציטערדיקן פּאָנעם.
דורך נאָכט האָבן פיס זיך געטראָגן דורך בלאָטע,
דער רעגן ווי עפּעס פארגלייווערט אין לופטן,
א רינג האָט געגליטשט זיך אויף איר פינגער דעם ווייסן,
און אימיצער האָט זיך צוזונגען מיט אומעט.

# די טויטע כאַווערטע

עס גלעט דער טאָג אויף מיינע פענסטער־שויבן,
ווי ווייסע הענט מיט גאָלדענע נעגל,
באַשעפער פון אַ שטילן צאַר אין מיר,
באַשעפער פון אַ אויפלייכטונג און שטארבן.
און עפּעס וואו אין ווייטקייט הינטער מיר,
ליגן מיינע גליווערדיקע טריט און ביינקען,
און פאר מיר ליגט א וועג א אומבאקאנטער,
און ווארט אויף מיר ווי טרוקן ערד אויף רעגן.
פרילינג קומט, און ביינקשאפט קוועלט
ווי גרויער טוי אויף פעלדער.
ביינקשאפט נאָך אזויפיל זאכן וועלכע ליגן טיף אין מיר;
און ווי דער טאָג אויף מיינע פענסטער־שויבן ביינקט און בלאַסט
אין מיר,
ביז צום שטומען שווייגן.
אין מיין שטומען שווייגן, דורך מיינע פארנעפּלטע טיפן,
גייסטו אויף,
קלאָר ווי איך האָב דיך געקענט,
מיט די טונקעלע קינדערשע אויגן;
מיטן אומעטיקן קלוגן שמייכל, יונג און דין,
מיט קרויזן רויטלאָכע האָר.
פון דעם קליינעם הייזעלע אויף אַ גרויסן געהעפט,
נאָענט צו דעם הויז פון געזאַנג און געבעט;
וואָס פלעגט זיך דערטראָגן ווי אַ מאָדנער געוויין
אין די הארבסטיקע נעכט.

און ווען א ווינט פלעגט זינגען אויפן דאך אין קוימען,
און רעגן האָט געשווייגט די קליינע שייבעלאך;
פלעגסטוריידן דאן פון ביכער און פון לעבן,
פון גוט און שלעכט, פון טונקלקייט און ליכט.
אין מאַמעס פּעלצעלע פּאַרטוליעט,
א טונקעלע טוך ארום קאָפּ פּאַרדרייט,
די קליינע פיס אין הילצערנע פּאַנטאפל,
די שמאָלע הענט אויף א פייער־טאָפּ אין שויס,
און זיצן אין א בודל אויפן בלאָטיקן מארק.
אקשען! גערופן דעם אוילאם פון גאס,
וואָס האָבן צושפּרייט זיך מיט פארביקע קליידער אין בלאָטע,
און א גרויסער גלאָק האָט מיט אומעט געקלונגען,
ווי ס'וואָלט אימיצער געברומט אין ווייטאָק פון וואונדן.
און דער אַלטער טאַטע, שוין א זיידע פון לאנג,
מיט אַ פאררויכערטער לאָמטערן אין האַנט;
מיט קליינע טריט פון שטייפליכע פיס,
האָט געשארט זיך ארום קליינינקן שטעלכל ביים שטוב,
און די מאַמע מיט איר שמייכל, און די טיכל אויפן קאָפּ,
אינגער ווי דער טאַטע, אסאך;
האָט געשטריקט אזוי האסטיק א זאָק.
און פארן גרינלאכן לאָמפּ אויפן טיש
די אויגלאד פון זאָק געציילט.

# ז ו מ ע ר

דאָס קרעמעלע, א ירושע פון באָבעס באָבע,
ווי דער נעסט פֿון א פייגעלע א קליינס;
איז אין זומער געווען אזוי ריין דאָס בריקעלע,
ווי ריין דיין קלייד אויף דיין ליכטיקן גוף.

די קופערנע האָר האָבן ארום פּאָנעם געכוואַליעט,
ווי די זון אין פאַרנאַכט ארום דיין שטיבעלע;
און אזוי ריין האָט אויסגעזען פון מאַרק יעדער שטיינדל
ווי אַ פעלד מיט גרויע שלאָפנדיקע בלימלאך.

און דיין כאָלעם פלעגט קומען, זיצנדיק אויפן בריקעלע,
דיין כאָלעם, דיין שאָכנס אינגל, אזא בליענדיקער;
מיט זיין געזונטן געלעכטער און גראדן גאנג —
פלעגסטו זיצן מיט אים דעם קאָפּ אויפגעהויבן,
די אויגן אין ווייטקייט פארטראַכט.

און עס האָט זיך געטראָגן דאָס רוישן פון אַ טייכל,
דאָס זשומען פון גאָרטן און לאַנקעס ארום שטעטל:
די שטעטל, וואָס האָט אויסגעזען אין אזעלכע ביינאַכטן,
ווי אַ שלאָפנדיק קינד אונטער טיף בלויען הימל.

און אַזוי טייער ליב איז דיר געווען די שטעטל
מיט אַלע אירע פריידן, מיט אַלע אירע זאָרגן;
אין זיך האָסטו געטראָגן איר האַרבסטיקן אומעט,
דעם כאָלעם פון זומער, וואָס אזא שטעטל פארמאָגט.

# דיין טאַטנס טויט

אין גרויען באַגינען פון רעגן און שנייען
ביזט געזעסן פאַרשטומט ביים טויט פון דיין טאַטן;
געזען ווי א זיין זינקט אריין אין ניט־ווערן,
ווי עס גרויט אויס א מאָרגן, ווי עס לעשט אויס א לעבן.

און עפּעס אזוי ביזטו געבליבן —
דער גרויער באַגינען האָט אין דיר זיך באַהאַלטן;
א שטענדיקע טוך אויף די שמאָלינקע פּלייצעס,
א טונקל פאַרגליווערטן פרעגן אין אויגן.

צייטן מיט ליכט, צייטן מיט אומעט,
האָבן אריבער געוואַנדערט דאָס שטעטל;
נאָר דו ביזט געוואָרן פאַרזונקען אין זיך מער,
אָפּטער און אָפּטער א בלוט־שטראָם פון הארצן.

און אזוי פיל האָט זיך אין שטעטל געביטן,
דיין כאַלעם, דעם שאָכנס געזונטער אינגל —
איז ווי אַ פאַרשניטענער בוים אומגעקומען,
פאַרגאַנגען אַהין, וואו ניטאָ קיין צוריק מער.

און דו ביזט געוואָרן אַ ביים אוילאַם אין זומער,
דיין טונקעלן שווייגן פאַרגאַלדיקט מיט זון־שיין,
און לאַנגזאַם, פּאַמעלאַך, ווי דער פאַרנאַכט אין אַ שטעטל,
פאַרטונקלט, פאַרלאַשן, סיי יוגנט, סיי טרויער.

# נאָכקלאַנג פון לעבן

צו דעם קליינעם קרעמל,
פארביי די הייזעלאַך פון שטעטל;
וואַנדערסטו אין נעכט פון זומער
מיטן שאָכנס שיינעם אינגל.

זעצט איר זיך אויף רייִנעם בריקעלע,
מיט דעם גליווערדיקן שווייגן,
און ארום, פון מארק די שטיינדעלאך,
ווי גרויע טייבעלאך אין שווייגן.

טייך און סאַד, און לאַנקעס גליווערן,
אָנגעאָטעמט מיט דיין לעבן;
און דער הימל, דוכט זיך, קוקט אזוי,
מיט דעם פרעגן פון דיינע אויגן.

— — — — — — — — — — — — — — —

אין מיין שטומעניש פון טראַכטן,
מיט מיין פולער האַרץ פון בייִנקען;
ווערט מיר נאָענט אזוי דאָס ווייטע,
איז מיר ווייט אַזוי דאָס נאָנטע.

ווי קליינע ליכט אין גרויסן קאַמער,
מער די שאָטנס נאָר צו זען;
פלעכט זיך אוים פון זיי מיין כאָלעם,
פלעכט זיך איין אין דעם אַ פרייד.

# יאשקע

יאשקעס געשטאַלט — אַ ליד פון בלוט און פלייש,
דוירעס פאַרגאַנגענע זינגען דורך אים;
די פרייד און לייד פון זיין לאַנד,
מיט אויגן וואָס באַלעמען, איינזאַמע ליטווישע פעלדער.
אַ שמייכל וואָס ליגט דאָרט באַהאַלטן, אַ שטראַל פון דער זון,
זיין קאָפּ אַזאַ שלאַנקער, און שטענדיק צו הויכן געהויבן,
מיט זיין יוגנט, ווי דער אויפבלי פון מיי.

די גאָלדענע קייט אויף דער מאַמעס האַלדז, אַזוי רופן אים מענטשן,
און די מאַמע שעפּט פון זיין גוטסקייט די פרייד,
ווי איר עמערל פון קלאָרן ברונעם דאָס וואַסער ביים טיר,
מיט שטאָלץ גרויסן זיך שוועסטער און ברידער מיט אים.
אויך מיידלאַך יונגע ציען פאַרביינקט זיך צו אים,
ווי די וועגן און שטעגן, וואָס קושן ביים גיין זיינע טריט;

און וואָס האָט ניט יאשקע געקענט?
נאָר ווי האָט זיך יאשקע דערצויגן?
אַ שטיבל צו קליין פאַר דער גרויסער צוצווייגטער פאַמיליע,
די ערדענע דילן מיט געלבלאַכן זאַמד אויסגעשאָטן,
אַ ברייטער הילצערנער טיש, וועלכער דינט דורך די נעכט
אויף צום שלאָפן,
און די מאַמע מיט ליכטיקע אויגן,
און פינסטערן זיפץ אין איר שמייכל.

## II

און א וועלט ליגט מיט ווינטערדיגע טעג,
ווי קינדער וואָס שפּילן אין שויס פון אַ מאמען:
און הויכן מיט קעלט אויף די קליינע פארקעסטלטע שויבן,
און מאלן אוים ווייסע, פארגליווערטע בלומען.
אין שטוב ברענט א אויוון מיט געלבלאכן פייער,
און קינדער ארום, מיט אויגן פארביינקטע —
ווארפן אין פייער קאַרטאָפּעל צום באַקן,
און שמייכלען אין זיך זייער טאָמידן שמייכלען.
און יאשקע מיט באָרוועסע פיסלאך צום אויוון,
אַ קעפּל מיט בלאָנדע צושויבערטע הערלאך:
אויף בעקלאך שפּילן זיך שאָטנס פון פייער,
דורך הויזלאך קריכט דורך פון לייוונט א העמדל,
און ער כאָלעמט צו ווערן א גייער אויף ליטווישע וועגן.

## III

און א זון פון די ווייטקייטן וואנדערט אריין אין שטעטל,
און טאָג אין טאָג בריט זי ווי אַ גאָלדענע הון איבער איר.
און קינדערלאך ליכטיקן, וואקסן און וויסן פון וועלט,
און וויסן פון ליטווישע וועלדער די מייסעס דערציילן.
און יאשקע וואקסט, מיט די טעג, מיט דער צייט צו זיין אויפבלי,
מיט וועגן באקאנטע, ווי די פינגער אין פלאך פון זיין האנט;
דער ווינט איז זיין ליד, דער פעקל זיין פריינט פון כאַלוימעס,
און ליטווישע דערפער, וואונדערליך קינדערשע מייסעס.
און פאַמעלאך פארבייט זיך אַ שטוב פון דער שטיבל,
דאָס געלבלאַכע זאַמד אויף געוואַשענע דילן:
די פענסטער געזעצט, מיט ליינגלאכע שויבן,
די ליימענע ווענט — אויף געבלומטע פּאפּירן.

## IV

מיט דעם אויפבלי פון ווארימע טעג
און שויבן מיט זונען באַזוימטע,
פירט יאשקע א יוגנט ארמיי —
אינגלאך מיט ספאָרט און געזאנגען.
און א הימל, א העל בלויער פויגל,
טוליעט צום קליינינקן שטעטל,
און מענטשן פארפוצטע מיט יאָנטעף,
שטראלן דורך שייבלאך פארשטויבטע.
און הערן די טריט פון די דוירעס,
דעם שטארקן געזאנג פון דערוואכונג;
ווי א זייגער וואָס טיילט איין די וועלט צייט,
גייט יאשקע פארויס ווי א ווייזער.

## V

יאשקע, וואָס האָט געקענט אזוי פריילאַך לאַכן
און פארגלייכן דאָס לעבן מיט דער וואנדערנדיקער זון,
יאשקע האָט געקענט אזוי אומעטיק שפּילן,
פארוועבן אין פידל דעם צאר פון דער וועלט.
און געשפּילט האָט ער מיט אויגן האַלב־צוגעמאַכטע,
דער ליכטיקער טאָג — אַ בלייכנדיק שטראל אויף דער ערד,
האָט געציטערט, געוויגט זיך, געגלעט זיינע בויגיקע פינגער,
געטוליעט, פארוועבט זיך אין האָר פון געבויגענעם קאָפּ.
און אין דרויסן דאָס שטעגל, וואָס פירט צום געבויגענעם הייזל,
האָבן טריט זיך געשראָקן פארן אייגענעם שארן פון פיס;
פארן גליוועער וואָס האָט זיך פארצויגן אויף דעכער פון שטעטל,
פאר שטערן וואָס זיינען מאסן־ווייס אַלע ארויס.
און ביים ליכט פון דעם לאָמפּ איז יאשקע א בלייכער געשטאנען,
געקוקט מיט אַ אומעט אויף מיידלישע אויגן פארטרערטע;
און עפּעס געטראכט, אליין זיך געפרעגט און געענטפערט,
און ווידער צולאכט זיך — ווי לאכן געקענט האָט נאָר יאשקע.

## VI

דער אייביגקייט'ס לייכטע טריט, ווי דאָס טיקן פון א זייגער,
האָט וועלטן געשאפן און וועלטן פארצויגן;
נאָר ליבע, ביינקשאפט, פריידן און אומעט,
האָט זיך פון איין דויר צום צווייטן געשפינען.
און א צייט וואָרט ביים טויער פון דער וועלט,
אז ווידער אן אָנהויב, א האַרבסט א נייער;
איבער געסעלאך לאַנגע, מיט הייזלאך צוקרימטע,
צושווימט זיך די זון אָפט ווי בלוטיקע ריטער.
אין יאשקעס שטיבל זיינען פענסטערלאך נאקעט,
א הימל, א טייך מיט צושוואומענע בלעטער;
גרויע, וואָס גייען פארגייען צום גאָרנישט,
קוקן און גלעטן די נאקעטע שויבן.
די גאס ליגט מיט בלאָטע, די גראָבנס מיט וואסער,
און הייזלאך אין רייען, פארמאכטע די טירן;
ס'גייט קיינער ארויס איצט, ס'גייט קיינער אריין איצט,
עס טרויערט די שטעטל צוזאַמען מיט יאשקען.
אין שטיבעלאך רעדט מען פון אומגליק דעם גרויסן,
דאָס ליכט פון פאמיליע, אן אָפגעהאַקט צווייגל
וואָס האָט ניט געוואָלט אזוי יונג זיך פארלעשן,
און האָט ביז איר סאָף אלץ געוויינט, זיך געזעגנט.
יאשקע, איך גיי שוין, און וועל קיינמאָל ניט קומען,
די אייביגקייט וועט מיך ניט געבן צוריק;
פרילינגס וועלן ווערן, וועלן גיין און קומען,
ביז קיינער וועט מער מיין נאָמען דערמאנען.
און יאשקע גלעט איר פארמאטערטן פּאָנעם,
און קושט אירע געלבלאכע קאַלטע פינגער;
די אויגן וואָס האָבן אים אויף וועגן באלויכטן,
בעטן זיך, פארגייען, ווי דורך פענסטער די וואָלקנס.

## VII

און א פרילינג זינגט לעבן טירן פארמאכטע,
באַ פענסטער וואָס דרעמלען אין בלויער נאַכט;
ער זינגט א געזאנג פון לעבן וואָס שטארבט ניט,
פון ליבע צוגליטע, פון ביינקשאפט און פרייד.

פון טייכן וואָס זיינען אריבער די ברעגן,
פון פעלדער וואָס שוואנגערן שפייז פאר דער וועלט;
פון שמאָלן בריק מיט צוגריבערטע וועגן,
פון אַלטן צובראָכענעם פאלאץ וואָס שטייט;

פון וועלדער באזילבערט פון דער לעוואָנע,
פון ביינקלאך וואָס זיינען מיט בוימער באדעקט;
פון איינזאַמע שטעגלאך, וואָס גארן נאָך פוס טריט,
פון ווינטל וואָס שטייט אזוי איינזאם אין פעלד.

און יאשקעס געזאנג איז עבאַ פון פרילינג
בלוט און פלייש, וויי און גליק,
יאשקע טראָגט זיך פון איין אָרט צום צווייטן,
אליין איז ער שטורם, אליין איז ער ליכט.

# יאשקעס טויט

און אריבער אלע פריידן פון דערוואכטע לעבנס,
אריבער אימפּעט פון שאפן, איבער פייער פון ליבע;
וועבט דורך דער טויט די פעדים פון שוויגן,
שפּינט איבער אויפּבלי דער טרויער זיין וועלקן.

אין געסעלאך לאנגע מיט הייזלאך צוקרימטע,
גייט זיך ווי שטענדיק דער גאנג פון די דוירעס;
אַ מענטשן געבאָרן, אַ מענטשן גענומען,
אַ ווייגען, אַ לאַכן, אַ פרייד און אַ טרויער.

טעג קומען אויף אין אומעט געהילטע,
טעג קומען אויף אין ליכט דורכגעגליטע;
נאָר שמאָלינקע שטעגלאך מיט איינזאמע שטיבלאך,
כאָלעמען, ביינקען, נאָך טריט פון דעם גייער.

נאָך טריט פון דעם ליכטיקן טרוימער — פון יאשקען,
נאָך אויגן וואָס האָבן געשמייכלט פארכאָלעמט;
נאָך ליבע וואָס האָט יעדן גליוזער צוריסן,
נאָך אים וואָס האָט וועגן צו וועגן געבונדן.

און דורך נאָכט און נעפּל וואָס מערט זיך,
וואנדערט די שטעטל געבויגן:
לאמטערנעס ווי געלבליכע פונקען,
אַ קלאַפּ מיט אַ בלעכערנע פּושקע,

פאָרויס ווי אַ קאסטן פון פידל,
פאַרבאָרגן די סטרונעס פארשטומטע;
וואָס שנייט זיך דורך נעפּל פון וועגן
און טראָגט זיך צום אייביקן גאָרניט.

## אַ זומער נאַכט אין די בערג

פון יעסוימים-היים

די בערג ווי אויסגעצאַקטע פאַרהאַנגען,
וויקלען איין דעם מורמלענדיקן טייך;
און לעבן זיי צוזייטע הייזלאַך,
דרעמלען ווי די זאַטע שאָף,
וואָס וואַרטן אויף דער ליכט פון טאָג,
וואָס וואַרטן אויף אַ הייסן קוש פון אויפגייענדיקער זון.
ס'איז רונד אַרום.
ווי דער איסגעטראַכטער כאַלעם פון געדאַנק;
ווי דער דינסטער, שטילסטער פידל־קלאַנג,
וואָס ציט זיך לאַנגזאַם אויס
און ווערט פאַרפאַלן אין שטומעניש פון רו.
נאָר ערגעץ וואו,
אַריבער אָט־דער פינסטערקייט,
גייען וועלטן אויף אין רויטער זון;
גייען וועלטן אויס אין רויטן בלוט,
וואַנדערט דורך די שוואַרצע האַנט פון שרעק
אַ טרויעריקער אָנזאָג פאַר דער וועלט.

איינזאַם איז די נאַכט וואָס לאָזט אַהער זיך אָן,
איינזאַמע געצעלטן ווי ווייסע טויבן, מיט קעפּ,
אין אויסגעשפּרייטע פליגלען אויף דער ערד.
און ברוינע הייזער מיט די פענסטער קוים באַלויכטן
מיט אַ רויטליך ליכט.
אַן אויסגעפלאָכטן קליינער בריק צום טייך,
ווייסע שטיבעלאַך באַרג אַראָפּ;
און טרעפּ פון געלן זאַמד
כאַלעמען אַזוי אין נאַכט
פון טריט וואָס טרעטן דורכן טאָג.

דאָ איז איינזאַמקייט פאַר איינזאַמע געבויט
צו באַלעמען און טראַכטן פון וואָס עס איז געווען;
ווי טראָפּנס וואַסער ציען זיך אַריין אין זאַמד,
ציט אין מיר זיך אַריין די בענקשאַפט פאַר דער וועלט.
און טיפער ווייכער צאַר, ווײַנט אַרויס.
די וועלט אין איר אומענדלאַכן גרויס;
וואָס איז באַשאַפן פאַרן פרייען טראָט;
פאַר פרייד פון מענטשנס אויג,
ליגט דורכגעצאַמט:
ווערטער, שטעכעדיקער דראָט;
וויקלען אײַן דעם וואַנדערערס טראָט
און האָס, און אויפגעגליטער קאַמף, גייט אויף אין מענטש
מיט מענטשלעכן געדראַנג.

וואָס איז פאַרגאַנגענהייט און וואָס דער איצט?
צוויי אויגן וועלכע זיצן אין איין קאָפּ;
נאָר קענען קיינמאָל איינס דאָס צווייטע זען,
ווי נאָר דורך אַ שפּיגל וואָס פאַראייניגט זיי,
און ווייזט זיי אָן אַז יעדער טאָג
טיילט אויס זיי גלייכע ליכט.
און קיינער קען ניט לייקענען אַן אויפגייענדיק געפיל,
פאַראַן אַזוי פיל ביטערקייט, פאַראַן אַזוי פיל פריידיקייט:
און יעדעס האָט זיין צוגעפּאַסטע צייט.
שטאַרקער נאָר פון אַלץ איז די מינוט,
אַ וועלט, איין געשטאַלט, מיט צוויי פּענימער,
איינער וויינט, דער אַנדערער לאַכט,
איין פּאָנים מיט צוויי שטאַרבנדיקע אויגן פול מיט וויי,
דער אַנדערער פון זאַטער פרייד באַלויכטן,
אוןביידע האַסן זיך.

עס ווײנט ניט די פֿאַרגאַנגענהײט,
זי קוקט נאָר אָן
אַ פּאָנים װעלכער האָט ניט קײן געשטאַלט,
אויגן װעלכע כאַלעמען אומענדליכקײט,
װי דינע שטילע הענט װאָלטן צונעקניפּט —
אַ װעג צו װעג,
אויף װעלכן יעדער בלאַנדזשעט אום,
אויף װעלכן יעדער זוכט ארום,
און קען ניט קומען צו קײן ברעג.
װײטע הײם מײנע, זײ געזונט,
ס׳גײט אויף אין מיר דײן שטילער גרויער צאַר,
ס׳גײט אויף דיר מײן אײגענע געשטאַלט,
איך װײס, ס׳איז אַלץ נאָך װי געװען,
די געסלאך ברײטערן זיך ניט אויס,
די הײזער עפּשער אײנגעפֿאַלן מער,
און שטײנער אויף די גריבערדיקע װעגן ליגן נאָך,
און װי אין אַן ארײנפֿאַר־הויז,
קומט דאָס לעבן און עס גײט,
װערן נאָנטע פֿון דער װעלט פֿאַרװישט,
און נײע יונגע דוירעס אויפֿגעבליט,
נאָר אַלע דוירעס טײלסטו פֿון דײנע אײביק גרויע פֿעלדער צאַר,
מיט דײנע בײנקשאַפֿטן, װעלכע יעדער שטיבל
איז געפֿולט.
זײ געזונט —
ס׳איז ערלאַכקײט — מײן טרער פֿאַר דיר.

און דאָ ליגט אזא נאַכט, און גיסט אַ ווייסן ליכט,
גיסט אריבער אזא גרויסע פּוסטע הויז
וואָס שטייט ביים וואַסער ווי אַ שיף,
און כאַלעמט מיט די ברייטע פענסטער.

טירן גלעזערנע, טישן,ביינק, פון געלן האָלץ,
עס כאַלעמט אַ ווערענדע אָפענע,
וואָס שפּיגלט זיך אריין אין טייך
און עס גיסט זיך ביינקשאַפט, פרייד,
און עס גיסט זיך טיפער ווײ.

נאָר טומלדיק אזוי איז דאָ באַטאָג,
קינדער קלייניקע, קינדער גרעסערע, —
און גרויסע וועלכע פילן אַז דעם אָרט,
קינדער, ווער אויף אייביק שוין צושייט
פון אַ מוטער־האַנט,
פון אַ פאטער׳ס זאָרג —
טומלען פריילאַכע ארום אַט דאָ.

קינדער ליכטיקע, דוירעס קומענדיקע פאַר דער וועלט,
ס׳איז אומעטיק צו זען אָפט זייער טרער,
אויגן וועלכע כאַלעמען און בייגקען ערגעץ וואו,
אויגן וועלכע גליען אויף, באַליידיקטע אין האַס,
און קינדער שוין פארהילטע אין פארביטערטקייט.

וואָס איז זייער קוק אויף אַט דער וועלט?
וועלכע וועגן טרעט פאר זיי ווער אויס?
שוואַלבן איינגעצאַמטע אין אַ שטייג,
געהאָדעוועט אויף ברעקלאַך, וואָס בלייבט פון יענעמ׳ס טיש.

שוועסטער, ברידער מיינע, וואנדערן
אויף וועגן פון דער וועלט,
זוכנדיק דעם סאָד פון איר באַשאַף,
זוכנדיק אויסגעטראַכטן גליק,
און גייען אוים פון נויט ביי פרעמדע טירן.

שוועסטער, ברידער מיינע, קלאָגן וואו, אין טיילן פון דער וועלט,
אויף אומגליק פון די אייגענע הענט;
וואָס יעדער פינגער רוט און קרעכצט
און בלייבן אוים פון ביינקשאַפט נאָך אַרבעט און נאָך ברויט.

דאָ און דאָרט, פאַרביטערטע, בא פוסטע טישן,
דאָ און דאָרט, פאַרביטערטע, באַ אייזערנע פענסטער לייסטן,
שוועסטער, ברידער מיינע, אומעטום אָן וועגן צו דער וועלט,
אומעטום מיט שטריק פון נויט פאַרדרייט.

און אַלטע טאַטע מאַמע, ערגעץ־וואו אין כאָרעווע הייזער,
שאָקלען זיך פאַרביינקטע ביי קליינע פענסטער שויבן,
קוקן אויפן וועג, וואָס ליגט צוזוואַסערט פון שניי,
און וויינט וואָס וואַנדערט אום אין שטיבעלע ביי זיי.

און טראַכטן אַז די קינדער אין דער ווייטער וועלט
פאַרלאָזן זיי,
עלנד, הונגעריק, העפקער פאַר דער ביטערקייט פון צייט.

און אַט די קינדער, יונגע און עלטערע,
שטייען דאַכלאָז וואו, מיט ווייב און קינדער אויף די גאַסן,
קוקן אויפן טומל פון דער שטאָט, באַליידיקטע, פאַרשעמטע,
קוקן אויף דער רייכקייט פון דער שטאָט,
מיט האַס וואָס שפּריצט פון אויגן,
קוקן אויף דער שווערער האַנט וואָס שאָקלט איבער זייערע
קעפּ א שטעקן.
און זיי דריקן צו זייערע הונגעריקע קינדערלאַך צום אייגן קאַלטן לייב
און טראַכטן פון א גרויסן בלוטיקן קאַמף.

און דאָ זשומעט אַזאַ דריקנדיקע שטילקייט אין די אויערן,
און דא ליגט אזא כאלעם פון זאטע רו געטרוימט;
און דא גייען מענטשן אום אוןריידן נאר פון אייגן ליבע
און דא גייען מענטשן אום, ניט וויכטיק זיי די גאנצע וועלט.

און בערג ווי אויסגעצאַקטע פאָרהאנגען,
צאַמען אָפּ דעם בליק צו ווייטקייט,
בוימער שמעקנדיקע, לאנקעס, גיסן אָן
א שווער געמיט.

נאר אויף די ברעגן פון יעדן אויפגעשפּראצטן גרעזל
ציטערט דורך די אומרו,
פון דער גרויסער ליידנדיקער וועלט.

און קומען וועט א גרויסער טאג,
און אויפגיין וועט אין איר א רויטער פלאם;
און בלאסן וועט די זאטע פרייד,
און אויפגיין וועט דאס בלייבע וויי;
און איין פארביטערטער געשריי
וועט רוישן איבער דער ערד.

און איין פארצווייפלטער געוויין
וועט אנפילן די וועלט.
ביז אויסגיין וועט איר איצטיקע געשטאַלט
און אויפגיין אין א נייעם ליכט.

# אין יעסוימים-הויז ביינאַכט

א ווייטער טונקעלער רוים,
בעט צו בעט, בעט צו בעט;
באַ גרויסע פענסטער אין רייען צושטעלט,
פארצויגן מיט האַרבסטיקער נאַכט.

העכער אַ שטאָף וואנדערט אימעצער אום,
מיט אומרואיק שווערליכע טריט:
טריט אין טריט, טריט אין טריט,
וואָס הילכן מיט אומעט אַראָפּ.

בעט צו בעט, אין יעדער בעט,
אַ היים פאר א היימלאָזן קינד
וואָס וואנדערן איצט א יעדער פון זיי
אין אייגענע וועלטן פון שלאָף.

פון זייער געזאַנג זינגט דער ווינט,
די שאָטנס וואָס קריכן אויף ווענט,
די זאַכן וואָס ליגן אויף בעט און אויף דיל,
דער טונקעלער נאַכט-לאָמפּ וואָס ברענט.

בעט צו בעט, און פון יעדער בעט,
לייכט אַ פּאָנעם מיט שטילקייט פארצויגן,
פארמאכטע זוניקע אויגן,
פארנעפּלטע קומענדיקע וועלטן.

# האַרבסט

אַ איינזאַמע לאַמטערן,
אין אַ האַרבסטיק־נאַסלאַכן טומאַן,
און רונד ארום אין פינסטערניש פארלאָרענע,
אַ פוסטע ברייטע גאַס.

איך שטיי ביים פענסטער,
קוק ווי די שטראַלן ציען זיך פון געלן ליכט,
און רעגן, ווי די קליינע ווערימלאַך,
שיטן, שיטן זיך ארום איר.

מיט שרייענדיקער שטומעניש ווער איך פול,
און שרעקיג ווי אַ פלאַטערנדיקער שמעטערלינג,
טוליע איך זיך צום פענסטער,
צו דער פינסטערניש.

נאָר הינטער מיר אין שלאָפן־וועלט פארלאָרענעם
אָטעמט מען אַ מוירעדיקן הימן צו דער נאַכט.

# ווען דער עלנט שלייכט

ווען דער עלנט שלייכט איבער גרינער ערד,
פארזינקט די פרייד אין אפגרונט פון צייט;
הונגער־ארמייען, פינסטערע כורוועס,
נעסטן פאר נויט און פאר הונגער.

ארבעטסלאזע, מיט הענט וואס בייזנקען נאך לעבן,
מיט פינגער פארשטארטע ווי די בלוטיקע פיילן,
מיט אויגן וואס חלומען וויסטע כאלוימעס,
פון אייגענע־פרעמדע וועלטן.

די מענטשהייט פארטומלט אין איר אייגענער סימפאניע,
דער רויש פון געדאנק און דאס געשריי פון צעווייטיקטע הערצער;
א ווילדער געשפאט, א פרייד און א ברום,
אזא שרעקלאך ליד צו דער אייביקער וועלט.

און די נאכט גיסט זיך איר בלויען ליכט,
און דער פרילינג בליט אויף אין טיף פון נעשאמע;
נאר וואקסט מיט א בלוטיקן פייער ארויס,
פון דעם שטילסטן געוויין, פון סימפאניע.

# האַרבסט

אויפֿן בעט פֿון האַרבסטיקן הימל
האָט די נאַכט אַזאַ גרויען באַגינען געבוירן;
און ווייט אין אַ טייל פֿון דער ריזיקער וועלט,
האָט די ערד זיך פֿאַרשוואַנגערט מיט אַ בלוטיקן פֿלעק.

און אַלץ ווערט אַזוי שיין דערהויבן אין זיך,
דער ליכטיקער אומעט וועט בליִען אין האַרצן פֿון טאָג;
פֿון בלוטיקן פֿלעק וועט די וועלט אַ בלוט־פֿעלד געבוירן,
און מענטשן ווי האַרבסטיקע בלעטער,
וועלן זיך מיסטיקן ווייטער אַזוי אויף דער ערד.

פֿאַרניכטונג און אויפֿגאַנג, הענט פֿון אומענדליכקייט,
אין אייביקן שפּינען דעם פֿאָדים פֿון שוואַרץ און ווייס;
נאָר אין אייגענעם איך ליכטיקט אויס דער סאָד פֿון איר טרייסט,
נאָר אין אייגענעם איך ווערט פֿאַרטונקלט דער צאַר פֿון איר פֿרייד.

## פאַרנאַכט

אַט אזוי מאַמע,
מיר ציען אויף א ווײַלינקע
דעם פאָרהאַנג פון דײַן לעבן;
איז איצט צו זען א קליינעם צימערל,
א ברייטע בעט, א שטול,
און שטרײַפן זוניקע וואָס וויקלען זיך ארום.

דײַן פּנים איז אצינד שוין דער פארגייענדיקער טאָג,
דער בלאסער אָפּקלאַנג פון אַ נאַכט,
אין יעדן קנייטש פון הויט.
אין דײַנע אויגן, מאַמע, וואוינט די געטליכקייט אליין,
אין דײַן נעשאָמע ראנגלט זיך דער שיידנדיקער טאָג,
דער וויינענדיקער צאַר פון נאַכט.
ווער דיך זעט, קען טראכטן וועגן אלע דוירעס פון דער וועלט,
ביי יעדן גרויען שוועל, צווישן צייט און צייט —
בלייבט שטיין דער געדאַנק.
דיך פארביי גיין, ניט צו זען דײַן קלאָרע פרייד ביים שפּילנדיקן קינד?
דיך פארביי גיין, ניט צו זען דײַן טיפן צאַר ביים בעטעלע פון
קראַנקן קינד?

זאָרג און טרייקייט פאר דאָס שאַפנדיקע היים,
פאר ווארימקייט און ליכט — דער נעסט פאר קינד און קינד,
דיך פארביי גיין, ניט צו זען דײַן עלטערדיקן בליק?
דיך פארביי גיין, ניט צו זען דײַן צאַרטע טרער?
דײַן טרער, מאַמע, קושט גאָט אויס פון דער ערד,
אריבער דײַנע פּלייצעס גייט ער נאָך;
דו ביזט פאר אים זײַן שאַפנדיקע וועלט,
דו ביזט זײַן גרויסע קינד —
מיט קייטן צו דער אייביקייט געשמידט.
מיר וויקלען קייטעלע פון קייטעלע זיך אויס,
און טרינקען פרייד און לייד זיך אָן פון זעלבן קוואַל;
א דויר גייט אויס, א דויר גייט אויף,
נאָר קיינמאָל לעשט דער מאַמעס בליק ניט אויס.

# אין אַזעלכע פאַרטאָגן

נ. י. נאַטליבן

אין אַזעלכע פאַרטאָגן, ערגעץ וואו אויף איינזאַמע וועגן,
רודערט אַמאָל דורך אַ עלנטער וועגל,
אין וועלכן עס כאַלעמט דער פורמאַן פון ליכטיקע היימען.

אין אַזעלכע פאַרטאָגן וויגן אַפּט מאַמעס די הונגעריקע קינדער,
און דער מאָדנער פאַרשלאָפענער ניגן
מישט זיך ווי איינס אויס מיטן סקריפּען פון וויגל.

אין אַזעלכע פאַרטאָגן וואַלגערן זיך מענטשן אויף ליידיקע פּלעצער,
צווישן די גרויע געביידעס,
און קראַמפּן די פויסטן קעגן אייגענעם עלנט, און גליען נאָך
בלוטיקע קאַמפן.

אין אַזעלכע פאַרטאָגן צייכנט אַ וועג אַן דער מאָרגנדיקער שטערן,
ווי אַ זילבערנער פינגער וואָס שרעקט דעם שווייגן —
און ווייזט אַן אויף אַ בלוט־רויטן נאָענטן באַגינען.

# רוסלאַנד

כאַנע לעווין

אריבער דיין טויער זיינען אויסיעס פון ליכט —
קאַמף און זיג:
איין וועלט גייט אונטער,
איינע גייט אויף,
דאָס פינסטערניש געבאָרט דאָס ליכט.

דיין ליכט איז ניט נאָר דאָס ליכט פון טאָג,
נאָר פרייד פון אויפבלי דורך אייגענע הענט,
די פרייד וואָס יעדער איז זיין אייגענער האַר,
דאָס לאַנד — זיין הויז
און יעדער זיין פריינט,
איך בויג מיין קאָפּ פאר דיר, לאַנד.

גרינע סטעפּעס, רויטער בלוט,
און גרויע הונגעריקע גאַסן,
ווילדע פריידן, יונגער מוט
און שטומע דורכגעפילטע פּיינען,
אַלץ דאָס האָט אונזביידן פאַרייניקט.

איך דערמאָן דיך, ווי דיין לאַנד פון רויטע פאַרבן,
ווי דיין לאַנד, וואָס האָט ניט קיין פאַרגלייך;
ווי א האַרבסט, וואָס איז אויף אייביק שוין פאַרגאַנגען,
ווי א באַגינענדיקער פרילינג פון דאָס ניי.

איך בײנק אזױ נאָך דיר,
נאָך אונזערע בײדנס טריט פֿון פֿריער יוגנט
װאָס ליגן דאָרט פֿאַרזײט,
װי פֿרילינגס־בלומען אונטערן װײסן שנײ.

דו שטײסט מיר פֿאַר אַ פֿרױ מיט קלוגע, גרױע אױגן,
מיט ביקס אױף זיך, און ברײטקײט אין דײן האַרץ;
און פֿרײע אױסגעקעמפּטע װעגן פֿאַרן גאַנג,
מיט ליכטיקע פֿאַרלאַנגען אין געזאַנג.

דײן לאַנד, אַ סטעפּ פֿון הילכנדיקע עכאָס,
דײן לאַנד — אַ זון, װאָס גײט אױף פֿאַר דער װעלט.

